ס. סקאַטש

# אויף גאָט'ס באַראַט

## לידער און פאַבלען

אַרויסגעגעבן פון פאַרפאַסער
ניו־יאָרק, 1590 מעדיסאָן עוו.
1927

# אינהאַלט

# אינהאַלט

# אויף גאָט'ס באַראָט

(שטאָט אַ פאָרוואָרט)

אויף גאָט'ס באַראָט האָב איך זיך דערצויגן,
ווי אַ בוימל אין אַ פעלזן-שיכט,
איך האָב געקרימט זיך און געבויגן
און אַלץ געשטרעקט זיך און געצויגן
צו זונען-ליכט.

אין טרוקענישן און אין שלאַקסן
אָן גערטנער'ס הילף, אָן קיינעמ'ס גנאָד
האָב איך צעשפּרייט זיך און צעוואַקסן
און אויסגעטראָגן אויף די צווייגן-אַקסלען
מיין פרוכט-געראָט.

כ'בין איינגעוואָרצלט און מיט פרוכט באַלאָדן
און טענות האָב איך ניט צו גאָט,
נאָר אומעטיק איז מיר צו זען דעם שאָדן,
ווי מיינע פּירות פאַלן אויפ'ן באָדן
אויף גאָט'ס באַראָט.

# אין מדבר-לאַנד

* *
*

דאָס נייגעבוירן קינד
קומט, וויינענדיק און בלינד,
אויף אונזער וועלט אַרויס,
נאָר שעה נאָך שעה פאַרשווינדט
און ס'לאַכט אין מוטער'ס שויס.

# אין מדבר־לאַנד

זאַמד און הימל, ווייטער גאָרנישט,
חוץ אַ זון — אַ בראַנד!
אויסגעמאַטערט, קוים וואָס כ׳שלעפּ זיך
דורכ׳ן מדבר־לאַנד.

ווי אין אַש פון הייסע קוילן,
זינקט מיין פוס אין זאַמד,
טריפט דער שוויים פון מיר אַרונטער
אויף דאָס מדבר־לאַנד.

טרוקענען מיר צונג און גומען,
גלייך ווי מיט אַ האַנט,
וואַרגט באַם גאָרגל מיך דער תליון —
דורשט פון מדבר־לאַנד.

וואַנדלען מיינע פיבער־בליקן,
זוכן נאָכאַנאַנד
טאָמער איז אַ קוואַל פאַראַנען
אינ׳ם מדבר־לאַנד.

נאָר אומזיסט: בלויז זאַמד און הימל,
זאַמד פון ראַנד צו ראַנד.
— גאָט, ווי שווער עס איז צו לעבן
אין דיין מדבר־לאַנד! —

## אַ תפלה

האָב רחמנות, גאָט אין הימל,
העלף דיין דורשטיק קינד,
עפן אויף די אויגן מיינע,
אפשר בין איך בלינד.

אפשר איז אַ קוואַל פאַראַנען,
זאָל איך אים דערזען.
מענטשן זיינען אין דעם מדבר
שטענדיק דאָך געווען.

האָבן זייער דורשט געלאָשן—
וואו'ז דער קוואַל אַצינד?
האָב רחמנות, גאָט אין הימל,
העלף דיין דורשטיק קינד.

## דער יתום־פויגל

עס האָט אַ יונגער פויגל
זיין מוטער אָנגעוואָרן
און וואָגלט אום אויף הפקר
דערשלאָגן און פאַרלאָרן.

ער פּיקט דעם מיסט פון שליאַכן
און פון פּאָלין די קערנער
און נעכטיקט וואו עס מאַכט זיך
אין לעכער און אויף דערנער.

נאָר ס'נעמט קיין שלאָף דעם פויגל
אין ניט־געבעטן וויגל
און אָפט פאַרוואונדעט בלוטיקט
זיין מידער צאַרטער פליגל.

און פרי פאַר זונען־אויפגאַנג,
אָן מאָרגן־פרייד, אָן לידער
פאַרלאָזט ער דאָס געלעגער
און הפקר וואָגלט ווידער.

## אין שטורעם

שוואַרץ איז דער הימל, דער אַפּגרונט דער טיפער
האָט זיך צעבּרויזט און צעגרימט.
זעגלט זיך פייל אויסן בּויגן אַ שיפער
ווילד, ווי דער סטיכישער ווינט.

קאַכן די כוואַליעס, און רוישן, און שאַלן,
בּליצט אין די וואָלקנס און קראַכט.
וואַנדלען בּאַם שיפער די אויגן און שטראַלן,
ווי בּאַ אַ וואָלף אין דער נאַכט.

וואַרפט זיך די שיף אין געפאַר, און דער שיפער
טרייבּט מיט פאַרצווייפלטן מוט —
טיף איז דער תהום, נאָר זיין צער איז נאָך טיפער,
ווילדער פון שטורעם — זיין בּלוט!

## דורשטיק איז מיין גאָט

אַ דורשטיקער איז גאָט, מיין האַר:
ער פאָדערט בלוט אויף זיין אַלטאַר
אַ יעדן מיטנוואָך און פייער־טאָג.
שוין ליידיק איז מיין טויבן־שלאָג,
שוין מער ניטאָ אין צאָם
קיין ציג און לאָם
און פון מיין שטאָל דער לעצטער פון די רינדער
האָט אויסגעברענט אַצינדער.
און גאָט איז דורשטיק אַלץ.
אָ, גאָט, מיין האַר!
וואו זאָל איך דיר נעמען מערער בלוט?
נו, גוט,
איך וועל אַליין אַרויפלייגן מיין האַלדז
אויף דיין אַלטאַר!

*

* *

כ'האָב ליב דאָס לעבן מערער,
ווי איך האָב כח,
און סוף־כל־סוף וועל שטאַרבן
אויף זיין מזבח.

נאָר ס'רופט מיט טויזנט שטימען
די לוסט פון לעבן
און כ'ווייס ניט וועמען פריער
מיין ענטפער געבן.

כ'האָב ליב די ערד, דעם הימל,
דעם מענטש, דעם וואָרעם;
כ'וואָלט אַלעמען אומאַרמען,
איז קורץ מיין אָרעם.

און כ'בין, ווי דער פאַרליבטער
אין אַלע פרויען,
וואָס ביינקט און קען צו קיינער
זיין האַרץ פאַרטרויען.

# לעבעיונג

אָן אַ זאָרג, אָן אַ פליכט —
לעבעיונג! לעבעיונג!
נאָר וואָס יאָמערט מיין ליד
פון באַרוישנדן טרונק?

אָן אַ ווייב, אָן אַ קינד —
פרייערמאַן! פרייערמאַן!
נאָר וואָס וואָגלט מיין שלאָף
און קיין פרייד איז פאַראַן?

אָן אַ לאַנד, אָן אַ היים —
וואַגאַבונד! וואַגאַבונד!
נאָר וואָס קוק איך אין הויף
מיט אַ קנאה צום הונט?

אָן אַ מוס, אָן אַ קנייטש —
אַ פאַרשווין! אַ פאַרשווין!
נאָר וואָס גרוילט מיך, ווען כ'טראַכט
פון מיין לעבנס באַלוין?

# בלויז אַ נעבל

ס'האָט בין־השמשות'דיק אַ נעבל
דעם זומפּ פאַרשלייערט און פאַרשטעלט
און ס'האָט די קויט־וועלט זיך פאַרוואַנדלט
אין אַ פאַנטאַסטיש־שיינער וועלט.

און ס'האָט אַ יונגע זומפּן־גרעזל
פאַרבלענדט אַ גליקלאַכע געטרוימט,
און ווער זי איז האָט זי פאַרגעסן,
און האָט פאַרגעסן וואו זי וואוינט.

נאָר פּלוצלינג האָט אַ שאָרך דערהערט זיך.
דאָס גרעזל האָט זיך אומגעקוקט —
אַ זשאַבע איז אין קויט געשפּרונגען,
אַ וואָרעם עקלהאַפט פאַרצוקט.

און אוים. עס האָט דערוואַכט דאָס גרעזל
און ניט פאַרבלענדט איז מער איר בליק —
אָך, ס'איז די שיינקייט בלויז אַ נעבל
און בלויז אַ חלום איז דאָס גליק!

## צו מיין שוועסטער

כ׳וויל וויינען, מיין שוועסטער, כ׳וויל וויינען,
עס ליגט אויפ׳ן האַרצן אַ שטיין.
כ׳וויל וויינען, מיין שוועסטער, און כ׳קען ניט.
זאָג, וואו איז דער קוואַל פון געוויין?

— אין האַרצן, מיין ברודער, אין האַרצן.
אַז ס׳ליידט און עס קען שוין ניט מיין,
גייט איבער די ברעגן דער ווייטיק
און ס׳פליסן די טרערן אַליין. —

אַך, שוועסטער, וואָס רעדסטו, מיין שוועסטער!
ניט דיינק, אַז מיין ווייטיק איז קליין.
ער ברויזט, ווי דער ים, אין מיין האַרצן
און קען ניט דעם ברעג איבערגיין.

דו זאָגסט, אַז מיין האַרץ איז פאַרשטיינערט, —
איז גיב מיר, מיין שוועסטער, פאַרשטיין:
אויב ס׳האָבן ניט שטיינער קיין טרערן,
ווי קומט, עס זאָל וויי־טון אַ שטיין?

## אַ שלאַכטפעלד

ס'איז מיין האַרץ אַ שלאַכטפעלד,
גייט פון האַנט צו האַנט —
גליק און אומגליק דאָרטן
פעכטן נאָכאַנאַנד.

ווער עס זאָל ניט זיגן:
אומגליק אָדער גליק —
איז אַלץ איינס, אַ חורבן
מאַכט אין האַרץ דער קריג.

## די וויג

צווישן גליק און אומגליק
הייגנט די לעבנס-וויג
און פון זיי געהוידעט
וויגט זיך הין און קריק.

מיר, ווי קליינע קינדער,
זיצן אין דער וויג,
האַלטן מיט די הענט זיך
פאַר די שטייפע שטריק.

וויגן מיר זיך קעגן
לאַכנדיקן גליק,
שמייכלט אונזער פּנים,
שימערט אונזער בליק.

ווערן מיר צום אומגליק
אָפּגעשיקט צוריק,
וויינען מיר און פעסטער
קלאַמערן די שטריק...

## אַ מידער

מיין קאָפּ איז בליי
און שטיינער — מיינע גלידער.
כ׳בין מיד, כ׳בין מיד,
איך פֿאַל אין בעט אַנידער.

איך שלאָף באַלד איין,
מיין שלאָף איז פֿון אַ גבור,
און מיט אַמאָל
אַ קול מיין שלאָף רייסט איבער:

— שטיי אויף! שטיי אויף! —
איך בעט זיך: — לאָז מיך שלאָפֿן! —
נאָר ס׳רופֿט דער קול:
— אַן אומגליק האָט געטראָפֿן! —

איך שווידער אויף
מיט אַלע מיינע גלידער.
איך הויב זיך אויף,
נאָר כ׳פֿאַל צוריק אַנידער.

כ׳בין אַזוי מיד,
איך בין אַזאַ מין שווערער.
איך זאָג זיך טרייסט:
— סאַ חלום און ניט מערער.

סאַ חלום בלויז,
ס׳האָט גאָרנישט ניט געטראָפֿן.
ווי מיד איך בין!... —
און כ׳וועל אויפֿסניי אַנטשלאָפֿן.

## ניט וועק!

שאַ, קלאַפּ ניט, פענצטער פון זכרון!
ניט גריזשע, מויז־געדאַנק, פאַרשווינד!
דער פּיין האָט זיך געשליידערט, ווי אַ קראַנקע קינד,
האַרצרייסנדיק געיאָמערט, הייזעריק געוואָרן
און איינגעשלאָפן מיד.
עס זיפצט פון שלאָף נאָך איצט זיין שווער געמיט.
שאַ, פענצטער פון זכרון, קלאַפּ ניט און ניט וועק!
ניט גריזשע, מויז־געדאַנק, אַוועק!

## דער וואַנדערער

אַ ברוק־וועג. אַ שאָל פון אַ האָרן.
אַן אויטאָמאָבילן־געיעג.
און צווישן די מענטשן, וואָס פאָרן,
גייט איינער צופוס אויפן וועג.

פאַרדעקט מיטן הוט איז זיין שטערן,
די האָר — צו פאַרפלעכטן אַ צאָפּ.
מען גריסט אים — ער ענטפערט ניט גערן,
מען שפּאָט, — און ער הויבט ניט דעם קאָפּ.

אַ האָרן פון ווייטן אים וואָרנט,
ער גייט זיך גלייכגילטיק אַ שפּיי.
מען מיידט אים פון הינטן און פאָרנט —
איז וואָס אַז מען לויפט אים פאַרביי?

ער ווייסט, אַז אומזיסט איז צו איילן,
אַז „דאָרט" איז דאָס זעלבע, ווי „דאָ".
מען דאַרף בלויז אין וועג זיך פאַרווײלן,
ביז וואַנען ס'וועט שלאָגן די שעה...

## ניט וויין! ניט רוף!

אמאל, אמאל
האט גאט געזען די טרערן
פון די, וואס וויינען,
פארנומען דעם געשריי
פון די, וואס רופן,
נאר ניט אצינד.

עס האבן לאנג
די טרערן פון דער וועלט
פארלאשן שוין
דאס פייער פון זיין בליק
און ס'האט שוין לאנג
וועלט'ס יאמער־רוף
דעם אויער אים פארשטאפט.

אצינד איז גאט
א בלינדער און א טויבער.
ניט וויין פאר אים!
ניט רוף צו אים!

## וויין ניט הויך!

ווילסטו וויינען — וויין, נאָר שטיל,
און באַהאַלט די טרערן!
ווילסטו זיפצן — זיפץ ניט הויך! —
קיינער דאַרף ניט הערן.

בויגט זיך איין אין צער אַ קאָפּ,
בויג דעם קאָפּ ניט מערער!
טראָגט אַ ברוסט אַ שווערן האַרץ,
מאַך די לאַסט ניט שווערער!

שלאָפט אַ מידער ערגעץ־וואו,
לאָז דעם מידן שלאָפן!
חלומ'ט איינער נאָך פון גליק,
לאָז דעם איינעם האָפן!...

## אַ תפילה

דו שלאָגסט מיך, גאָט, דו שלאָגסט,
כ'נעם אָן פֿאַר ליב דײַן שלאָגן.
דו שטראָפֿסט מיך, גאָט, דו שטראָפֿסט,
איך װעל זיך ניט באַקלאָגן.

איך זינדיק ניט, מײַן גאָט,
איך טו בלויז תּפֿלה זאָגן:
דו שלאָגסט מיך, גאָט, און שטראָפֿסט,
גיב קראַפֿט אויף איבערטראָגן!

## ווי אַ טרעגער

ווי ס'טראָגט אַ טרעגער זעק
געדולדיק און באַשיידן,
אַזוי טראָג איך די פּעק
פון מיינע שווערע ליידן.

איך קרים ניט מיין געזיכט,
מיין אויג איז קלאָר און טרוקן.
איז וואָס אַז דאָס געוויכט
בויגט מערער איין מיין רוקן?

ער איז ניט גלייך סיי ווי,
מעג ער זיך בויגן מערער;
איך בין געוואוינט צו מי,
מעג זיין די משא שווערער!

## אַ געגאַד

אַ געגאַד און אַ געשאַנק
יעדע רגע, וואָס כ'בין דאָ —
כ'בין צום טויט פאַראורטיילט לאַנג,
נאָר באַשטימט איז ניט די שעה.

כ'בין אַן אורח ביי אַ גביר,
עס פון טיש און וואוין אין הויז,
אָבער באַלד פּראַלט אויף אַ טיר
און מען הייסט מיר: גיי אַרויס!

# אַ שעה

אַט לעב איך, אַט שוין ניט.
וואָס זשע זינגט עס מיין געמיט?
ס׳שיינקט דער היינקער מיר אַ שעה,
בין איך גערן — כ׳בין נאָך דאָ!

אי, דער זעלבער, וועלכער שיינקט,
מיט אַ ווײַלע שפּעטער הייגגט?
וועט ער היינגען סיי ווי סיי,
און אַ שעה איז אויך כדאַי!

## די קראַנקע וועלט

אַלע מענטשן זיינען קראַנקע,
און די וועלט — אַ קראַנקן־הויז,
און די פירער — פאַלשע רופאים,
וועלכע היילן קיינעם אויס.

נאָר עס וויל דער קראַנקער האָפן,
איז דער רופא אים אַ טרייסט;
זאָגט אים יענער שיינע ליגנס
און דערציילט ניט, וואָס ער ווייסט.

איז אַ דאַנק דעם פירער־רופא,
טאָפּלט פּיין פון אים און שיין —
עס איז שווער אַ קראַנקן טרייסטן,
ווען מען איז אויך קראַנק אַליין.

## קראַנקע

אַלע פון איין ביקור־חולים
און מען קען ניט הויזן.
דוכט זיך, וואַסערדיקע בלוטן,
און ווי שטאַרק זיי ברויזן!

דוכט זיך, גוסס׳דיקע אויגן,
און ווי בייז זיי בליצן!
דוכט זיך, בלוי־פאַרשמאַכטע ליפּן,
און סאַ שווים זיי שפּריצן!

דוכט זיך, ביינערדיקע פויסטן,
און ווי ווילד זיי פאָכען!
און... עס דאַרף דאָך רו און פרידן
יעדער קראַנקער שכן.

# דור הפלגה

## פאָרוואָרט

ניט קיין מיף און קיין לעגענדע
איז דער הפלגה-דור,
דאָס איז די וואָר פון היינט און נעכטן
און וועט זיין אייביק וואָר.
מיר ווילן שטענדיק זיין פאַרייניקט
און זיינען פון דער ווייט;
מיר ווילן שטענדיק לעבן פרידלאַך
און פירן אָן אַ שטרייט;
מיר ווילן זיך פאַרשטיין און ליבן,
דער סוף איז גאָר פאַרקערט;
מיר טורעמען צום הימל שטענדיק
און קריכן אויף דער ערד.
ס'היינגט איבער אונז די אַלטע קללה,
די דור-הפלגה-שטראָף —
עס זאָל דער בויער ניט דערבויען
דעם טורעם ביז'ן סוף.

.1

גאָט און טייוול זיינען
ניט קיין פיינט אין שטרייט.
שד און יה איז שדי, —
אַלמאַכט, איינהייט.

נאָר צו שדי'ס אַלמאַכט
זאָל זיין אַלץ געשטעלט,
איז אין הימל אחדות
און צעטיילט די וועלט.

איז אַנטקעגן לעבן
זיין פאַרניכטער טויט,
ליכט אַנטקעגן חושך,
לייד אַנטקעגן פרייד.

איז דעם מענטש דעם האַלב־גאָט
ניט באַוואוסט דער סוד,
דינט ער טריי צו געטער,
שטאָט צו זיין אַ גאָט.

.2

ליים און ציגל, ליים און ציגל,
טרינקט אויס, ווערט שטיין.
לאָמיר, ברידער, זינגען לידער,
וועט עס לייכטער גיין.

ס'מערט גאָט'ס ברכה די משפחה
פון דעם מענטשן־מין,
אַלע פעלדער, אַלע וועלדער
זיינען פול מיט אים.

יאָ, מיר דעקן אַלע שטרעקן,
נאָר עס פרייט אונז ניט —
פרעמדקייט, שנאה, האַס און קנאה
ברענגט די ברכה מיט.

ליים און ציגל, ליים און ציגל
טריקנט אויס, ווערט שטיין.
לוסטיק, בויער, בויט דעם מויער,
זאָל דער שרעק פאַרגיין.

העכער, העכער, איבער דעכער,
איבער בערג — געשווינד!
בויט אַ הויכן אחדות־צייכן
פאַר דאָס מענטשן־קינד.

זאָל דער מויער פאַר די שויער
צייגן זיך פון ווייט,
די צעשפּרייטע, די צעזייטע
לערנען איינקייט.

בויט זשע, ברידער, בויט מיט לידער,
וועט עס לייכטער גיין.
ליים און ציגל, ליים און ציגל
טריקנט אויס, ווערט שטיין.

.3

קוקט די שדי־אַלמאַכט
אויף דעם מענטשנ׳ס טאַט,
אין זיין גוטן ווילן
האָט דערזען פאַראַט.

ס׳ווערט דער מענטש פאַרייניקט —
האָט זי בייז געטראַכט —
איינִיקייט בין איך דאָך,
איינִיקייט איז מאַכט.

ס׳ווערט דער מענטש פאַרייניקט,
ס׳ווערט אים קלאָר דער סוד,
ס׳וועט דער געטער־דינער
זיין אַליין אַ גאָט.

כ׳וועל זיין שפּראַך צעמישן,
וועט דאָס ניט געשעען
און מיין קנעכט פאַרבלייבן
וועט ער, ווי געווען.

.4

בלויז אַ קורצע נאַכט פאַריבער,
אָבער וואָס איז פאַר! —
נעכטן דור פון שפה אחת,
היינט הפלגה־דור.

יעדער רעדט אַן אַנדער לשון,
קיין פאַרשטענדענים.
בעט ווער ברויט, דערלאַנגט מען ציגל,
וואַסער — ליים־געפּלים.

גריסט ווער מיט אַ האַנט געהויבן,
מיינט מען, אַז ער פּעכט;
יאָמערט ווער פון טיפן האַרצן,
נעמט מען פאַר ניט עכט.

ברכות טייטשט מען אויס פאַר קללות
און דאָס גוטס פאַר שלעכטס.
מ׳הערט ניט מער קיין אחדות־לידער,
נאָר דעם עלנד־קרעכץ.

מ׳זעט ניט מער קיין הענט זיך דריקן,
ס׳פויסטן זיך די הענט...
אויס. געלעסטערט שטייט דער מויער
מיט די האַלבע ווענט.

אַלע זיינען ווילד פון פרעמדקייט
און פון איינזאַמקייט
זיך צעגאַנגען אום צו ווערן
נאָך מער פרעמד און ווייט.

## צום פלאַנטער

ס'האָט גאָט מיר געגעבן
דורכדרינגענדע אויגן,
אַ קלאָרן פאַרשטאַנד,
אַ גוטן זכרון,
און כ'קען זיך ניט נאַרן.

כ'באַגייסטער זיך זעלטן
און זעלטן אַנטויש זיך,
ווייל ווער עס זעט גוטס בלויז
און ווער עס זעט שלעכטס בלויז
און איך זע
זיי ביידן צוזאַמען פאַרפלאָנטערט.

נאָר גאָט האָט אַ האַרץ אויך געשײנקט מיר,
אַ האַרץ, אַ פולבלוטיקע האַרץ.
דאָס בלוט שלאָגט אַריבער,
ווי ווײַן פון דער כלי,
און רעגט און באַרוישט מיך,
און שכור פון לעבן
אָפט זינג איך צום לעבן,
צום פלאָנטער פון גוטס און פון שלעכטס,
וואָס רופט זיך:
דאָס לעבן!

## שלום

איך האָב די שונאים — פרייד און לייד —
געמאכט פאַר גוטע ברידער
און מיין וויסט האַרץ געטרייסט מיט רייד,
גערופן בליען ווידער:

— בלי אויף, וויסט האַרץ! כ'האָב שרפה־פרייד
געמאַכט פאַר מילדע שטראַלן.
איך האָב פאַרוואַנדלט מבול־לייד
אין טראָפּנס טוי, וואָס פאַלן.

בלי אויף, מיין האַרץ, בלי שטילערהייט
אין פרידן פונם שכל,
וואָס האָט די שונאים — פרייד און לייד —
פאַרייניקט אינם שמייכל!

## ליידן

ליידן זיינען ברכות
און אַ ליבעס-צייכן —
ווער ס'איז גאָט'ס דערוויילטער,
דעם די ליידן גרייכן.

ליידן זיינען טהרה,
ליידן מאַכן הייליק.
וואויל איז מיר, וואָס ליידן
קומען אויף מיין חלק.

כ'וועל דורך זייער טהרה
הייליקן מיין ווילן
און מיט זייער ברכה
גאָט'ס פאַרלאַנג דערפילן.

## לעש די קנאה

לעש אין זיך דעם קנאה-פלאַקער
צו די גליקלאַכע און זאַטע —
וויסטן מדבר מיידט דער אַקער,
שלעכטן קינד שטראָפט ניט קיין טאַטע.

וויסטער מדבר קען ניט בליען,
אויף אַ שלעכטן ניט צו האָפן,
איז אומזיסט אויף זיי זיך מיען,
איז אומזיסט זיי שטערן שלאָפן.

אָבער דאָס פעלד, וואָס איז פעטער,
וועט דער אַקער שוין ניט מיידן
און ווער ס'איז באַגאַבט פון געטער
מוז זיך לייטערן און ליידן.

נאָר דערפאַר די בעסטע פירות
ברייננגען פעלדער קולטיווירטע
און ס'דערמאָנען מענטשן-דורות
די מאַרטירער-זין מיט ווירדע.

## טרייסט

איך וויים: דער הימל וויינט מיט טרערן,
נאָר כ׳וויים אויך, אַז דער יאָמער־טאָל
צובליט זיך פונ׳ם טרערן־רעגן
און אַז עס שיינט די זון אַמאָל.

איך וויים: באַלוינען פאַר׳ן קינפּעט־וויי
איז ניט אימשטאַנד די מוטער־פרייד,
נאָר כ׳וויים אויך, אַז, ווי לאַוואַ, שפּאַרט זיך
די ליבע פונ׳ם אינגעווייד.

איך וויים: דער פּילגעשטראָפּטער יאָמערט:
פאַרוואָס? פאַר וועלכע שווערע זינד?
נאָר כ׳וויים אויך, אַז דער פאָטער־לעבן
מיינט גוט צו טון זיין ליבלינג־קינד.

איך וויים: עס איז אומזיסט צו האָפן
פון פּיין צו ווערן אויסגעלייזט,
נאָר כ׳וויים אויך, אַז ס׳איז דאָ אַ כח,
וואָס, ווי אַ מוטער, היילט און טרייסט.

# ווינטער

אַצינד איז ווינטער אין מיין האַרצן,
עס איז פאַרשנייט מיין האַרבסט־פאַרוועלקטער טרוים
און, ווי אַ שטראָם אין אייז פאַרקאָוועט,
מיין האַלב־פאַרגליווערט לעבן ריזלט קוים.

נאָר, ווי די ערד אין ווייסן קבר
רוט אוים די תחיה־זאַפטן אין איר וויסט,
אַזוי פאַרנעמט זיך אין מיין האַרצן
אַ נייער חלום אויפ'ן אַלטנ'ס מיסט.

## ווי אַ שוואַכלינג

איך בין פאַרליבט אין לעבן האָפנונגסלאָז אַזוי,
ווי ס'איז פאַרליבט אַ שוואַכלינג אין אַ פאַלשער פרוי.
עס מעג מיין האַרצנס ברעג
ניט קענען מערער אויסהאַלטן דעם דרוק
פון פיין־סמבטיון אין געוועג
פון פייפנדיקן ווינטיקן באַטרוג
און כ'מעג באַשליסן איבערייסן מיט'ן פאַלשן לעבן,
איז בלויז גענוג ער זאָל מיר געבן
אַ שמייכל פון אַ שטראַל, אַ שטערן־וואונק,
צי בלויז אַ גלעט פון צערטלענדיקן ווינט,
אַז, ווי אַ היי־סטויג פון אַ פונק,
זאָל זיך צעפלאַקערן מיין ליבע אויפדאָסניי,
און כ'זאָל פאַרגעסן, אַז דאָס לעבן איז אומטריי,
און ווידער גלויבן, ווידער האָפן, ווי אַ קינד.

# דער בעטלער

ער האָט צום דורכגייער זיין האַנט געשטרעקט,
געשמייכלט האָפנונגספול און מונטער.
און אַז מען האָט פון אים זיך אָפּגעקערט,
איז אויך זיין שמייכל ניט אַרונטער.

און אַז מען האָט אַ שטיין שטאָט ברויט דערלאַנגט,
האָט ער געטרייסט זיך מיט בטחון —
עס מעגן בייזן ווילן האָבן ניין,
דער צענטער גערן העלפט זיין שכן.

און אַז צולעצט האָט עמיצער געשיינקט
אַ פּרוטה אָדער ברויט אַ פּענעץ,
האָט ער דערפאַר געבעטן גאָט פאַר אים,
באַדאַנקט מיט ברכות אָן אַ גרענעץ.

דער גוטער בעטלער האָט אויך מיר געדאַנקט,
דער רייכער בעטלער, רייך אין גלויבן,
און שווער איז מיר, דעם אָרעמן אין גייסט,
געוועזן צו הערן זיינע לויבן.

## געהיימענישן

ערגעץ ווייט און נאָענט פון דאַנען,
ניט דערגרייכן מיט קיין וועגן,
ניט געפינען מיט קיין פּלאַנען,
מיט׳ן צונג זיך ניט דערפרעגן,
נאָר צו טרעפן און צו אַנען,
איז אַ טיפער וואַלד פאַראַנען.

דאָרט אין זיינע טיפענישן,
וואו דער חושך קען דערשרעקן,
וואו די שטילקייט קען צעמישן
און די ווילד — אין זיך פאַרשטעקן,
היימען די געהיימענישן.

פליגל האָבן זיי און שוועבן,
דוכט זיך, ווייט און דאָך דערנעבן,
און זיי הערן אויף צו לעבן,

ווען ס׳גערינגט אַמאָל זיי כאַפּן
די, וואָס אין דער פינצטער טאַפּן.

כ׳האָב נאָך לאַנגע וואַנדערונגען
איבער טאָלן, בערג און פלאַכן,
איבער וויסטן, איבער קראַכן
אינ׳ם וואַלד אַריינגעדרונגען.

כ׳האָב געטשאַטעט אַלע וואונקען
פון די סודות׳פולע עופות —
פליגל־רמז, אויגן־מופת —
און צום סוף איז מיר געלונגען
דריי געהיימענישן פאַנגען.

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען
פונ׳ם וואַלד, אין נאַכט פאַרזונקען,
איז דער מאָרגן אויפגעגאַנגען
אויף מיין סודות׳פולן פעקל.

און דערזען האָב איך מיט עקל
צווישן די געהיימענישן
אַ פאַרזעעניש פון שלאַנגען
מיט צוויי שוואַרצע פלעדערווישן. —
ניט געלוינט האָט זיך צו פאַנגען.

און דערזען האָב איך זיין שכן,
וואָס האָט אַזוי פיל פאַרשפּראָכן,
גרוי, אַ פויגל פון די סאָרטן,
וואָס מען זעט אי דאָ אי דאָרטן.
און די הענט האָב איך פאַרבראָכן.

נאָר דערזען האָב איך דעם דריטן
מיט די פעדערן, ווי קווייטן,
ווי אַ פויגל פון גן־עדן,
און ס׳האָט מיין געמיט געמיטן
זיך מיט טרויער־אַש באַשיטן.

## ווי קוילן־גרעבער

מיר גראָבן זיך און גראָבן
אין לעבנ׳ס טיפֿער נאַכט,
אַזוי ווי קוילן־גרעבער
אין היילן פֿון אַ שאַכט.

דאָס בליצלעמפּל — דער שׂכל
איז אונזער קנאַפּער שיין,
וואָס שאָטנדיק באַפֿינקלט
די שווערע מי און פּיין.

מיר נאָרען זיך, ווי מייזלאַך,
מיר קרישלען שטיינער־ווענט
און זוכן גליק און האָפֿנונג —
די קויל, וואָס ליכטיק ברענט.

דער גאָט פֿון נאַכט איז גרויזאַם
און שטראָפֿט פֿאַר דעם פֿאַראַט,
מיר ווערן אָפֿט פֿאַרשאָטן
אין מיט פֿון אונזער טאַט.

נאָר טויט איז דאָך קיין שטראָף ניט,
ווען לעבן זעלבסט איז צער,
און ס׳איז די פֿרייד פֿון זוכן
פֿאַר זיך אַליין אַ שׂכר.

## זאָגט אָדם:

די שטראָף פֿאַר וויסן, ווי אַ מלאָך מיט אַ שווערד,
שטייט אויפֿ׳ן שוועל פֿון ערדישן גן־עדן,
נאָר מוחל בין איך גאָט דאָס נאַריש זעט־גליק פֿון דער ערד
און קלייב מיר בעסער אויס די ליידן.

כ׳פֿאַרדין מיט מי און שווייס מיין מאָגער ביסן,
מיין ווייב געבערט מיר קינדער מיט אַ קרעכץ,
נאָר מיינע אויגן שטראַלן געטלאַך מיט׳ן וויסן
דעם אונטערשייד פֿון גוטס און שלעכטס.

איך ריים די ערד מיט אייזן און מיט שטאָל
און ריים אַרויס אַ סוד אויף יעדן טראָט,
נאָר פֿייערן מיין זיג אַנטקעגן גאָט
וועל איך זיך דעמאָלט בלויז פֿאַרגינען,
ווען ס׳וועט געלונגען מיר אַמאָל
דעם עץ־החיים צו געפֿינען,
דעם בוים פֿון לעבנס־זינען.

## שטייגן מיינע יאָרן

שטייגן מיינע יאָרן העכער, העכער,
שטייג איך, ווי אויף שטיגן, באַרג אַרויף.
עפנט זיך דאָס לעבן, ווי אַ פעכער,
רונד אַרום מיר, ווי אַרום אַ שרויף.

איז די גרויסע וועלט אַ פּאַנאָראַמע
פאַר'ן בליק, וואָס איז געווען בלינד.
איז דער זומפּ די שיינקייט ניט מטמא,
ווי די קויט פאַרמיאוסט ניט קיין קינד.

איז מיט זעלבער ליבע אויסגעמאָלן
ליכט און שאָטן אויף'ן וואונדער-בילד.
שפּילן פאַרביק בערג אַזוי ווי טאָלן,
שטאָט אַזוי ווי אומבאַריירטע ווילד.

אַרט מיך ניט, וואָס אונטן בלייבן ליגן
יוגנט-פּלאַץ און ענגער קינדער-הויף
און אַ פרייד איז אויף די יאָרן-שטיגן
שטייגן העכער באַרג אַרויף, אַרויף!

# אינערלאַכער לעבן

אינערלאַכער לעבן
פון נשמה׳ס תהום —
אונטערערדיש פליסן
פון אַ וואַסער־שטראָם.

איך האָב ליב צו הערן
אינערלאַכן כאָר,
ווי דעם אייגן בלוט־רויש
אַ פאַרליבטע פאָר.

וואונדערלאַכע שטימען
שטייגן פון דער טיף,
סודות׳פולע קלאַנגען,
טיפער פון באַגריף.

עכאָס פון אוראַלטער,
גרוסן פון אין־סוף,
שופרות פון נבואה,
דונערן פון שטראָף.

לייג אַן אורמענטש׳ס אויער
צו דער ערד — דיין זעל.
אין דיר אונטערערדיש
שפרודלט וועל נאָך וועל.

## מיט זיך אַליין

ס'איז גוט אַמאָל מיט זיך אַליין צו בלייבן,
זיך אין אַ ווינקל ערגעץ־וואו פֿאַרקלייבן
און הערן, ווי דער קוואַל פּליסט אונטער ערד און שטיין,
און הערן, ווי עס פֿליסט דיין בלוט אין דיר אַליין.

און אַז עס רוישט דער וואַלד מיט זיינע בוימער,
דערשפּירן — דו ביזט בוים און חיה'ש איז דיין חומר,
און אַז אויף דער לבנה קוקסטו טריב, פֿאַרטראַכט,
דערפֿילן — ביזט אַ הונט, וואָס בילט אויף איר בײַנאַכט.

און מיט אַמאָל באַגרייפֿן מיט באַוואונדער,
ווי ס'טיילט זיך אָפּ די זעל פֿון גוף באַזונדער
און, ווי אַ פֿייער־פֿויגל, גיט אַ פֿלי, אַ שיין
און אויף אַ ווייל באַלייכט דעם חושך פֿון דאָס זיין.

## א תפלה פון אַ לאָמפּ

אָ, גאָט פון ליכט!
דו האָסט מיט קנויט און אויל מיך צוגעריכט.
דיין חסד טו ניט אָפּ
און לאָז מיך לייכטן ביז׳ן לעצטן טראָפּ.

אָ, גאָט פון ליכט!
דער חשך איז געדיכט.
די ווינטן בייז געוויטערן
און טרייסלען, ברעכן שויבן,
די קינדער ציטערן
און פלאַטערן, ווי טויבן,
עס וואַנקט דאָס פלעמל פון מיין קנויט,
געלאָשן פונ׳ם שטורעמ׳ס אָטעם,
און ס׳טאַנצט דעם טאַנץ פון טויט
מיין אימה׳דיקער שאָטן. —

אָ, גאָט! אין זכות פון דיינע קינדער,
וואָס זיינען נאָענט דיר און טייער,
דערלאָז ניט אין דער נאַכט דער בלינדער
דער ווינט זאָל אויסלעשן מיין פייער!

# אַ קאַקטוס

איך בין אַ מדבר'דיקער קאַקטוס־פּלאַנץ.
איך טראָג מיין דערנער־קראַנץ
פאַר'עקשנ'ט אויפ'ן האַרטן קאָפּ,
וואָס בויגט זיך ניט אַראָפּ.

איך בין אַ מדבר'דיקער קאַקטוס־פּלאַנץ.
איך קלאַמער זיך אָן לעבן מיט די נעגל־שפּיצן
און דויער אוים די גרעסטע היצן,
שטיי אוים דעם ווילדסטן שטורעם־טאַנץ.

איך בין א מדבר'דיקער קאַקטוס־פּלאַנץ
און, טראָץ מיין לעבן, וואָס איז טרוקן, ווי דער זאַמד,
בליט רויט מיין צוויט, מיין פּרי שפּראָצט, ווערט גאַנץ,
באַטויט פון אייגן בלוט, פון אייגן האַרץ באַ'טעמ'ט.

## אין חלום־לאַנד

כ׳וועל מיך אַמאָל מיין זעגל־שיפל צוימען,
און כ׳לאָז ארויס דעם רודער פון פאַרשטאַנד,
און כ׳גיב זיך אָפּ דעם שטראָם פון מיינע טרוימען,
און שווים זיך, שווים אין חלום־לאַנד.

איך לייג זיך מיט׳ן פּנים צו די רוימען,
וואו וואָלקנס שווימען, שווימען צו קיין ראַנד.
איך רויכער, לאָז דעם רויך, ווי פון אַ קוימען,
אַהין, אַהין, אין חלום־לאַנד.

די טרוימען־וועלן שפּילן, יאָגן, שוימען,
מיין שיפל וואַנדערט, וואַנדערט נאָכאַנאַנד,
ביז פעלזן פון דער וואָר דעם וועג פאַרצוימען
און קערן אום צוריק פון חלום־לאַנד.

## פרילינג

פרילינג איז אַ קינד
אין דער מאַמעס שויס.
פרילינג וואַקסט און בליט,
ווי אַ יונגע רויז.

פרילינג שמייכלט זיס,
קוקט מיט לעבנס־פרייד.
פרילינג הערט און גלויבט
מאַמעס שיינע רייד.

מאַמעס רייד פון גליק,
מאַמעס רייד פון רו — — —
פרילינג טרוימט און שליסט
זיינע אויגן צו.

מאַמע זינגט ליו־ליו,
מאַמעס ליד פאַרשלאָפט.
פרילינג שלאָפט אין שויס,
שמייכלט, טרוימט און האָפט.

## בליענדיקע בוימער

ווייסע בליענדיקע בוימער,
ווייסע כלות!
כ׳גיי אַרום אייך, ווי אַ חתן,
אין התפעלות.
אייערע חופּה־קליידער בלענדן
מיינע בליקן
און, ווי שיכלאַך, אייערע שטאַמען
מיך אַנטציקן.
כ׳זע ניט דורכ׳ן ווייסן שלייער
אייער פּנים,
נאָר איך שפּיר דעם זיסן ריח —
איך דערקאָן אים.

ווייסע בליענדיקע בוימער,
ווייסע כלות!
כ׳גיי אַרום אייך, ווי אַ חתן,
אין התפעלות.
ווינטלאַך שיטן צוויט, ווי האָפּן,
וואַרפן קוויטן,
פייגל־קלעזמער שפּילן האַרציק,
ווי אויף פליטן.
זון קלייבט נחת, ווי אַ מאַמע,
שטראַלט אינגאַנצן
און אין ראָד, ווי מחותנים,
קינדער טאַנצן.

## פרילינג אין פּאַרק

אויסגעלייגט האָט זיך די לאַנקע ברייטלאַך,
איז באַקליידט־באַניים און ס'איז איר וואויל,
און דאָס בערגל נאַקעט, נאָר אַן חרפּה,
שטייט זיך ראַקאָם אויפ'ן העכסטן אָרט.
בוימער בליענדיקע, ווייסע נאַנעס,
שטייען פרום און גיבן ניט קיין וואונק.
בוימער הוילע ציען אוים די גלידער,
אויפגעשטאַנען ערשט פוןווינטער־שלאָף.
חנ'דלט זיך דאָס טייכל קעגן הימל,
פּליושקעט זיך, מאַכט אויגלאַך צו דער זון.
קוקן גלייכגילטיק די מויערן פילאויגיק,
היטן, ווי יעוונוכן, די נאַטור.

## ווייס

אַ זון פֿון ווייסן פֿלאַם
באַוויסט דעם מאָרגן־ים
מיט שווינדלדיקן זילבער־גלאַנץ.
אויף העלע וועלן רונדאַרום
גייט ווייסער שוים אַ טאַנץ.
ווי דאַמען לאַנג אין ווייסן אָנגעטון
מיט ווייסע שלעפּן, שווימען ווייסע שיפֿן אום
און אָטעמען מיט ווייסן רויך,
און ווייסע מעוועס, ווי מלאָכים,
מיט פֿרומע ווייסע פֿליגל פֿאָכען
אַמאָל נידעריק, אַמאָל צו די ווייסע וואָלקנס אין דער הויך,
און ווייס, און קלאָר, און העל
איז אויף דער זעל.

## אַ רעגן אין אַ קעמפּ

עס רעגנט. דער האָדסאָן האָט זיך אָנגעכמורעט. אַ בלייאיקע טונקלקייט האָט פאַרביטן זיין זילבערנעם גלאַנץ. די גרינע באַוועלדערטע בערג זיינען פאַרנעבלט. אויפ׳ן בלויגעווויזענעם הימל וויקלען זיך צונויף און פאַנאַנדער, ווי יריעות, רויכיקע אַשיקע וואָלקנס, און אויפ׳ן לייוונט פון מיין געצעלט קלאַפּט דער רעגן, ווי מיט שטעקלאַך אויף אַ פּייקל.

אונטער׳ן הימל אָבער פליען אַרום שוואַלבן, זיך וויגנדיק אין די לופטיקע שטראָמען, ווי ים־לייבן אין די כוואַליענדיקע וואַסערן.

שוואַלבן אין אַ רעגן זיינען אַ סימן, אַז ס׳וועט לאַנג ניט רעגענען.

און טאַקע — אָט האָט דער רעגן אָנגעהויבן שטאַרקער פּייקלען אויפ׳ן לייוונט פון געצעלט, ווי ער וואָלט וועלן זיין לעצטן אַקאָרד פאַרענדיקן מיט שטורעם, און אָט ווערט ער מיטאַמאָל שטיל אינגאַנצן. בלויז די טראָפּנס, וואָס האָבן נאָך ניט צייט געהאַט זיך אַראָפּגליטשן אויף דער ערד, טריפן פּאַמעלאַך מיט שטילן גערויש אַראָפּ פון לייוונט׳ס זוים און פון די בלעטער פון נאָענטן בוימעלע.

עס צעזינגען זיך זיס די פייגל. דער הימל לייטערט זיך. דער האָדסאָן איז נאָך גרוי, אָבער שוין ניט טונקל. די סילועטן פון די בערג זעען זיך דייטלאַכער אַרוים. עס איז שוין נאָכ׳ן רעגן און עס שמעקט מיט אָפּגעפרישטע אַראָמאַטן פון גרינסן און בלומען.

## זומער

זומער איז אַ גוטער גאַסט
מיט אַן אָפּענעם געזיכט.
זומער'ס אויגן זיינען בלוי,
לויכטן מיט אַ לויטער ליכט.

זומער'ס ליפּן שמייכלען ליב,
מאַכן יעדן שמייכלען מיט.
זומער אַז ער בייזערט זיך,
ווייסט מען, אַז ער מיינט עס ניט.

זומער טרייבט קאַטאָוועס בלויז —
כמורעט אַן זיך מיט אַמאָל,
בליצט מיט אויגן שוועבלדיק,
דונערט מיט אַ בייזן קול.

זומער קרימט אויך זיין געזיכט
און צעוויינט זיך, ווי אַ קינד,
אָבער אַלע וויסן שוין —
זומער לאַכט צוריק געשווינד.

דען ווי קען דאָס זומער־לעב
זיין אין צאָרן אָדער טריב?
זומער שמייכלט דאָך צור וועלט,
זומער האָט דאָס לעבן ליב.

## גוט אַזוי...

גוט אַזוי צו ליגן
אויפ'ן באַרג אין וועלדל
און פון גאָרניט קלערן,
ווי אַ קנעכט אין יובל,
וועלכער האָט באַפרייט זיך
פון זיין יאָך דעם שווערן.

וואַרעמען זיך, ציען,
ווי אַ פוילע קעצל
אויף דער זון דער ליבער.
בליקן אויף די וואָלקנס,
וואָס דעם ים פון הימל
זעגלען זיי אַריבער.

זען, ווי מיט פאַרשייטקייט
מיט בערעזעס יונגע,
ווי מיט מיידלאַך, ווייבער,
שטיפט דער פרעכער ווינטל,
רייסט די גרינע קליידער
פון די ווייסע לייבער.

הערן, ווי די בלעטער,
גלייך ווי קליינע קינדער,
פלוידערן און פלאַפלען.
קוקן, ווי דער וועוורקע
היפערט איבער צווייגן,
גלייך ווי איבער שטאַפלען.

שטוינען אויף די שפינוועבס,
וואָס באַצירן קוסטן,
גלייך ווי שטריקערייען.
מערקן יעדעם פליגל,
מוראַשקע און זשוקל
אין די גרעזער שמייען.

אָנפילן די לונגען
מיט דער פרישער באַרג-לופט,
ס'זאָל די ברוסט זיך שטרעקן.
איינגנורען אין מאָך זיך,
ווי אין ווייכע ברוסטן,
און דעם ריח שמעקן.

גוט אַזוי צו ליגן,
אַלעם זען און הערן
און פון גאָרניט קלערן,
ווי אַ קנעכט אין יובל,
וועלכער האָט באַפרייט זיך
פון זיין יאָך דעם שווערן.

## ברעזע־קאָרע

גייט די מענטשהייט פאַרוועדטם,
שלעפּ איך זיך נאָך איר —
שטאָט אויף ברעזע־קאָרע
שרייב איך אויף פּאַפּיר.

אויף פּאַפּיר די פּעדער
גליטשט זיך, ווי אויף אייז,
און אויף ברעזע־קאָרע
שטרויכלט זיך איר שפּרייז.

דאָך די קאָרע רירט מיך,
צום פּאַפּיר בין קאַלט, —
כ׳ריים אַליין די קאָרע
פון דעם בוים אין וואַלד.

איר באַהעפט צעהייטלען
פאָדערט מי אַ סך,
אייגן אָבער ווערט זי,
ווען ס׳געלינגט די זאַך.

און איר סוקן־שטעמפּל,
און איר שטרייפן־ציר
ליב איך, ווי דאָס ליד מיינס,
וואָס איך שרייב אויף איר...

## פאַרטאָג

די האַלבע לבנה
אַ בלייכע און אַן אָפּגעצערטע,
ווי אַ האַלב-פאַרשלייערט פּנים
פון אַן אַראַביש מיידל, וועלכע האָט געוואַכט
די גאַנצע נאַכט,
אַרויסגעקוקט אויף איר באַשערטן,
איילט זיך ניט אין ניטגעשטילטן שמאַך
ארונטערגייַן פון הימל-דאַך.
אַ שטערן נאָך אַ שטערן גיט אַ פּינטל,
ווי אַן אויג, און שליסט זיך.
אַ וואַסער-שטויב פון הימל גיסט זיך.
אַ טיף-אָטעמדיקער ווינטל,
ווי פון אַן אויפגעוואַכטנ׳ס מויל און נאָז,
גיט קיל אַ בלאָז,
און פון טומאַן,
וואָס האָט די ערד פאַרגאָסן, ווי אַן אָקעאַן,
ווי אינזלען שיילן זיך אַרויס
אַ באַרג, אַ בוים, אַ הויז.
אַ באַן לויפט דורך — ראַש-ראַש! טראַך-טראַך!
ווי שומרים אויף דער וואַך,
פון הויפן און פון שטיבער
רופן זיך די הענער איבער.
ווי קלעזמער שטעלן אָן די כלים פון אָרקעסטער,
די קולות פרוואוון אוים די פייגל אין די נעסטן
און באַלד פאַרייניקט אין אַ כאָר די שטימען
צום מאָרגן שפּילן זיי אַ הימען.

# דער האָדסאָן

(פּאַנאָראַמע)

וועגט פון פּאַליסאַדן,
ווי אַ פעסטונג-מויער.
כ׳קוק פון זיי אַרונטער,
ווי אַ וועכטער-שויער.

טיף אַראָפּ — דער אָפּגרונט,
כ׳שרעק זיך איבערבויגן,
ווייט אַרום — דער האָדסאָן,
כ׳ריים ניט אָפּ די אויגן.

אויף זיין בלויקייט שווינדלען,
מישן זיך צוזאַמען
ווייסע וואַסער-פייגל,
ווייסע כוואַליעס-קאַמען.

שווימען שטאָלצע דאַמפּער
גראַציעז, ווי שוואַנען,
שווימען גאַנצע אינזלען —
באַרזשעס-קאַראַוואַנען.

זעגלען אָנגעבלאָזן
שוועבן, גלייך ווי באַלן,
רודער-שיפלאַך שטרייטן
מיט די בלויע וואַלן.

און ביים ברעג די באַנען
פליען, ווי די פיילן,
צו די שטעט און שטעטלאַך,
וואָס מען זעט פאַר מיילן.

## אין אַ הייסן טאָג

ווי שטראָפּנדיק און דראָענדיק,
די שטראַלן־אָלן בויערן.
די ערד, וואָס לײַדט הכנעה׳דיק,
שטעלט אונטער אירע אויערן.

ווי קעמלען שווער באַטאָרביקטע
אין וויסט פאַרמאַטערט, הויערן
די בערג אַרום די האָרביקע
און דולדן אַלץ און דויערן.

ווי שעפּאַלאַך אומשולדיקע,
ווען חיות אויף זיי לויערן,
זיך האַלדזנדיק, געדולדיקע
אין וואַלד די בוימער טרויערן.

מיט טיר און פענצטער אָפענע,
צעכראַסטעטע, ווי פויערים,
פאַר׳חלש׳טע, פאַרשלאָפענע
ליגן שטיבער, מויערן.

## אימה

אַנגעשטרייִנגטע שטילקייט,
ווי זי היט און וואַכט,
אין אַ וואַלד אַ טיפֿן
גייסטו זיך ביינאַכט.

פֿאַלט פֿון בוים אַ טראָפּן,
גיט אַ שאָרך אַ בלאַט —
אַלץ כאַפּט אויף דיין אויער,
הערט זיך איין מיט חשד.

גליווערט דיר דיין אָטעם,
שלאָגט דאָס האַרץ אין ברוסט
דוכט דיר, אַז מען לאָקערט
אונטער יעדן קוסט.

הילכן דיינע פּיס־טריט
מאָדנע הויך און ווייט,
וואַרפּסטו ביסטרע בליקן
אויף אַ יעדער זייט.

רירט דיך אָן אַ צווייגל,
גיסט אַ ציטער באַלד,
פֿון די טראָפּנס ראָסע
ווערט דיר אַזוי קאַלט.

פֿאַלט אויף דיר אָן אימה,
קומען אומבאַגערט
אויפֿן זין די גרוילן,
וואָס האָסט ווען געהערט.

הוסטו אום זיך שטאַרקן,
הילכט עס מיט אַ גרויל,
און דו ווערסט דערשראָקן
פֿאַר דיין אייגן קול...

# דער באַסיין

אין די בערג, אין דער ווילד,
צווישן גרויע ווענט פון שטיין,
גלייך ווי אין אַ ראַם אַ בילד,
גרינט אַן אָזיערע־באַסיין.
שפּיגלען זיך אין וואַסער אָפּ
פעלזן, ביימער שפּיץ אַראָפּ,
קוקן וואָלקנדלאַך אַריין,
שפּילט מיט רענדלאַך זונענשיין.
קומט אַמאָל אַהער דער ווינט,
וויגט ער ס'טייכל, ווי אַ קינד,
בויגט דער וואַלד זיך איבער זיין בעט,
ווי אַ פּאָטער אין געבעט.
מערסטנס אָבער איז דאָ שטיל.
פישלאַך פליעסקען זיך אין שפּיל,
מאַכן רעדער און אַמאָל
ברומט דער אָקס־פראָש אויפ'ן קול.
ווילדע טויבן פליען אום,
פייגלאַך זינגען רונד אַרום
און אַ פּרייריי־הונט צום קאָן
קומט אַמאָל און טרינקט זיך אָן.

## בוימער און וואַסער

ליכט באַפלעקטע
אויסגעשטרעקטע
סאָסנעס, ווי סאָלדאַטן,
שטייען שלאַנק און גלייך.
דורך די שטאַמען, ווי דורך גראַטן,
רונצלט זיך דער טייך,
ווי אַ שטערן קעגן ליכט,
וואָס שיינט גלייך אין געזיכט.
זון צעבראָכן
פּיצלט זיך אין קרומען שפּיגל.
שיפלאַך פאָכען
מיט די וועסלעס, ווי מיט פליגל,
און אַ פישל גיט אַ שפּרונג,
שטעקט אַרויס זיך, ווי אַ צונג.

## וואָלקנס אין די בערג

וואָלקנס, ווי די קריעס,
קריכן איינס אויף ס׳אַנדער ;
ווי אין שרעק אַ סטאַדע,
שיטן זיך פאַנאַנדער.

ווי אַ מחנה שונאים,
ראַש די בערג באַפאַלן,
גליטשן זיך אַרונטער,
גלייך ווי וואַסער־פאַלן.

מאַכן אַ געוויסער,
טאָל און שפּאַלט פאַרדעקן
און די בערג, ווי אינזלען,
וואַשן זיי און לעקן.

## פאַר אַ רעגן

היינגט אין לופט דער רעגן.
ווי אין קינפּעט-ווייען,
קאָרטשען זיך די די וואָלקנס,
קנוילן זיך און דרייען.

איינגעהילט אין נעבל,
אין געדריקטער שווערקייט,
בויגן זיך די רוקנס
פון דער ווייטער בערג-קייט.

ווי אַ גרויסער וואַל-פיש,
גרייט זיין רויב באַפאַלן,
צאַפּעלט זיך דער האָדסאָן
מיט באַשוימטע וואַלן.

בלאָזט אַ קאַלטער ווינטל,
קומט דעם וואַלד צו מעלדן:
— כ'מאַך דערווײַלע פּראָבע,
באַלד וועט קערן וועלטן. —

שווידערן די קוסטן,
קאָרטשען זיך אין דרייען.
וואַרפן זיך די בלעטער,
ליאַרעמען און שרייען.

בויגן זיך די בוימער
מיט הכנעה, קלערן:
דאַרף דער שטורעם קומען,
איז אומזיסט זיך ווערן.

## אַ זומער־רעגן

ווי אַ פולער אייטער
היינגט די זומער־כמאַרע.
שטראָמט, ווי מילך, דער רעגן
וואַרעם, מיט אַ פּאַרע.

בלעזלען זיך און זינגען
מיט אַ פרייד־געהילך
אינ׳ם טייך די שפּריצן,
ווי אין שאַף דאָס מילך.

טאַנצן, ווי די קינדער,
ווען מען מעלקט די בהמה,
גרעזער אויף די לאָנקעס,
בלעטער אויף דיביימער.

גאָרגלען האָלעטייניש
רינוועס פונ׳ם דאַך,
זייען דורך דעם רעגן,
גלייך ווי קעז־זעקלאַך.

## אַ רעגן־באָד

גיסן זיך פון וואָלקנס,
ווי פון צאַפּנס,
שפּרייענדיקע שטראָמען
רעגן־טראָפּנס.
שפּריצן אָפּ זיך אַלטע
דעמב און צעדער,
ליאַרעמען, ווי קינדער
אין די בעדער.
גיסט זיך אָפּ אַ קוסטל,
כאַפּט אַ ציטער,
קלאַפּן אים, ווי ציינער,
זיינע ריטער.
טוט זיך אוים אַ ניסל
און אין טייכל
שפּרינגט ער פונ׳ם צווייגל
מיט זיין בייכל.
באָדן זיך די גרעזער,
ווי צום טוקן,
בויגן זיי אַרונטער
קאָפּ און רוקן.
צוואָגן זיך אין רעגן
אַלע קווייטלאַך,
טרייסלען מיט די קעפּלאַך,
ווי די מיידלאַך.
שטייען בלויז די שוועמלאַך
אין די היטלאַך,
ווי אין רעגן־שירעמס,
קאַלט, געמיטלאַך.

# דער וואַסערפאַל

(אימפּרעסיע)

איבער אַ טיפֿן אָפּגרונט
פֿון אַ באַרג אַרונטער
האָט אַ פֿרוי צעלאָזן
אירע האָר אויף וואונדער.

הייגגען לאָקן־וואָלקנס,
ביז׳ן טאָל דערלאַנגען,
הילן איין די יונג־פֿרוי,
וואָס האָט זיי צעהאַנגען.

שטאַרן אויפֿן וואונדער
בערג מיט שניי באַקרוינטע;
האַלטן מיילער אָפֿן
אָפּגרונטן דערשטוינטע;

שאָקלען הויכע ביימער
מיט די קעפּ באַצויבערטע;
צערטלט ווינט די לאָקן,
קעמט זיי און צעשויבערט;

גלאָצן זונען־שטראַלן
מיט די העלע אויגן
און די האָר באַקראַנצן
מיט אַ רעגן־בויגן...

## קאַליפאָרניע־לאַנד

זיינען שנייען אַרויף
אויף די בערג פונ׳ם לאַנד
און געשלאָסן, ווי פיינט,
אַ באַלאַגערונגס־וואַנט.

און דער געגענד אַרום —
ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען;
און דער געגענד אַרום
גרינט און בליט, ווי געווען...

ווי אַ זאָרגלאָזע קינד
מיט זיין מוטער ביינאַנד,
איז אין שוץ פון דער זון
קאַליפאָרניע־לאַנד.

## ווינטער און זומער

איז ווינטער געקומען
אין זוניקן לאַנד
און האָט אויפ'ן זומער
געהויבן זיין האַנט.

האָט זומער דעם שונא
געענטפערט צוריק.
אַזוי איז געוואָרן
אַ ביטערער קריג. —

האָט ווינטער געשאָטן
מיט האָגל און שניי,
האָט זומער מיט רעגן
געגאָסן אויף זיי.

האָט ווינטער דאָס וואַסער
פאַרגלעזערט מיט פראָסט,
האָט זומער דאָס אייז-גלאָז
מיט שטראַלן צעלאָזט.

ביז ענדלאַך האָט ווינטער
פאַרלאָרן דעם שלאַכט
און האָט צו אַ באַרג-שפּיץ
די פּלטה געמאַכט.

## אין לוריי־הייל

זאָגט דער וועגווייזער: „דו ביזט אין הייל“,
און צינדט פאַר מיר אַ לעמפּל.
איך קוק זיך אום און שטאָט אַ הייל
דערזע איך גאָר אַ טעמפּל.

אויף שיין־געשניצטע זיילן שטריינג
היינגען פאָרהאַנג־פאַלדן,
אַלטאַרן שטייען אויפגעשטעלט
פאַר געטלאַכע געשטאַלטן.

און ניט קיין זינדיק מענטשן־קינד
געווען איז זייער מייסטער —
מיט גאָטס־פּורכט האָט די ערד אַליין
פאַרקערפּערט הימל׳ס גייסטער.

און חיות, פייגל, פיש און אַלץ
אין שטיין קענסטו געפינען,
ווי איר געזינד וואָלט מוטער־ערד
געשטעלט אין טעמפּל דינען.

און אָרגלען היינגען פון סופיט
געליכטלט און געצעפּלט.
עס שפּילט אויף זיי מיין וועגווייזער
און ס׳דוכט—אַ פּריסטער פּרעפּלט.

ס׳איז הייליק, הייליק אָט דאָס אָרט,
דאָ איז דער שכינה׳ס וויגל.
מיר דוכט — איך הער דעם זיידן רויש
פון ווייכע כרובים־פליגל.

מיר ווילט זיך פאַלן אויף די קני,
און תּפלה־טון מיט טרערן,
און וואָס דער וועגווייזער דערקלערט
וויל איך אַצינד ניט הערן.

# אונזער שטיבל

ווי אַ מעשה'לע פון כשוף,
לעבט אין מיין זכרון
אונזער שטיבל אויפ'ן ישוב,
וואו איך בין געבאָרן.

איבער איר אַ בוים מיט באַרן
האָט זיין צווייג צעלאָזן
און אַרוים פון דאַך־שטרוי שפּאַרן
גרינער מאָך און גראָזן.

ווענטלאַך ווייסע, פריזבעס געלע,
פריש מיט ליים געשמירטע,
און די פענצטערלאַך מיט העלע
פאָרהאַנגלאַך באַצירטע.

אויפ'ן פריזבע שלאָפט דער קאָטער,
אונזער אַלטער דינער,
און אין הויף די אָפּפאַל־ברעקלאַך
פּיקן אויף די הינער.

# האַרבסט'ס טויט

האַרבסט!
דו שטאַרבסט
באַם פולן טיש פון זעט
אין ווייכער היסב־בעט
פון בלעטער און פון גאַרבן
אין פולן גלאַנץ
פון קאַרניוואַלן פאַרבן.

דיין קאָפּ אין בונטן בלעטער־קראַנץ
מיט זיסער מידקייט אָנגעגאָסן
פון פולן לעבן, וואָס דו האָסט גענאָסן,
פאַלט אויף אַ סנאָפּ
אַראָפּ,
ווי אַ רייפער עפּל אויפ'ן באָדן;
די אויגן־לאָדן
קלעפּן זיך און שליסן שלעפּערדיקערהייט,
ווי אויף נאַכט די בליטן פון אַ קווייט;
דיין האַנט שטופּט אָפּ דעם קרוג,
אין וועלכן ס'איז גענוג
נאָך ווייַן געבליבן;
דיין מויל הויכט אוים אָן זיפץ דעם אָטעמצוג,
און דיינע ליפּן,
נאָך פריש און רויט,
שמייכלען צו דעם טויט.

האַרבסט!
ווי דו אַן אויסגעלעבטער שטאַרבסט
אין פולן גלאַנץ פון פאַרבן,
לאָזנדיק דער וועלט צו אַרבן
די רייפע פּירות און די פולע גאַרבן,
אַזוי וואָלט איך געוואָלט אויך שטאַרבן!

# אין פּאַרק

מיט אַן אויסגעשטרעקטן צונג
לעקט דער וואַסערפאַל די סקאַלעס,
הויבט אַ דאַמף זיך קעגן זון
פון די פרישע קאַלטע כוואַליעס.

ברענען בוימער איבער'ן טייך
מיט האַרבסט-פלאַמיקע קאָלירן
און פון צייט צו צייט אַ בלאַט
אַ פאַר'שרפ'עטן פאַרלירן.

קאַרבט אַ ווינטעלע דעם פלאַך,
וויגט די בלעטער און די ריטלאַך.
אָפּגעגעבן זיך דעם שטראָם,
שווימט אַן ענטל גאַנץ געמיטלאַך.

טרייסלט זיך דער שטאַם פון בוים
אינ'ם ציטערדיקן שפּיגל,
הוידעט זיך דער זונענשטראַל
אין אַ גלאַנציק זילבער-וויגל.

# די פורעמלאָזע וואָלקנס

די פורעמלאָזע וואָלקנס
פאַרשטעלן זיך, פאַרוואַנדלען,
ווי וואַנדלענדע אַקטיאָרן
אין צייט פון זייער האַנדלען.

די פאַרבנלאָזע וואָלקנס
מיט פאַרבן שימערירן,
ווי די קאַמעליאָנען,
וואָס ענדערן קאָלירן.

די תיקונ'לאָזע וואָלקנס
צו זייער קיום שטרעבן
און שטאַרבן, ווי גלגולים,
וואָס קומען באַלד צום לעבן.

די פורעמלאָזע וואָלקנס
רק וואַנדערן און וואָגלען
און אַלץ, וואָס האָט אַ פורעם,
באַרעגענען, באַהאָגלען.

## נעבל־שפּינוועב

מיט גרויע שפּינוועבס האָט דער נעבל דיק
פאַרוועבט די וועלט.
די זון אין הימל, ווי אַ טויטע פליג,
הײנגט אויסגעזויגן און פאַרגעלט.
דער האָדסאָן צאַפּלט זיך, ווי פאַר'ן קץ
אַ בלויער שמעטערלינג אין נעץ.
די בוימער פונ'ם וואַלד
אין פלאָנטער זשומען, שרייען גוואַלד,
און בלויז דער ווינט
צערייסט דעם שפּינוועב און אַנטרינט.

## אין טומאַן

טומאַן.
די שיפן רעווען אויפ'ן אָקעאַן
מיט טויט־שרעק און געוואַלד,
ווי קי פאַרלאָרענע ביינאַכט אין וואַלד —
מו־הו!... העלף!
די פייערן פון אונטערוואַסער־ריפן,
ווי אויגן לייכטענדע פון הונגעריקע וועלף,
מיט בלוטדורשט קוקן אויף די שיפן.
און, ווי אַ פּאַסטוכ'ס שאַלענדיקער האָרן,
דער גרויסער גלאָק פון האַפן הערט ניט אויף
צו רופן די, וואָס זיינען אין טומאַן פאַרלאָרן,
און, ווי אַ סטאַדע, זאַמלען זיי אין שיפן־הויף.

## אַ דאָרפֿיש האַרבסט-בילד

אַ טונקל-גרויער כמאַרעס-פֿאָרהאַנג
האָט איינגעהילט דאָס הימל-בלוי.
עס גייט אַ רעגן אַ פֿאַרשמירטער,
וואָס — דוכט — וועט אייביק גיין אַזוי.

עס איז דער דאָרף פֿאַרפּלייצט פֿון בלאָטע,
און ס׳טראָגט אַן ענלאַכן פֿאַרגלייך
די גאַס מיט שטיבער ביי די זייטן,
ווי צווישן ברעגן צוויי אַ טייך.

אַ נעבל הייגט. דער רויך פֿון קוימען
קריכט אַזוי שלעפֿעריק און שוואַך.
די פֿוילע לופֿט האַלט אים ניט אונטער,
ער ווערט צעזייט גלייך אויפֿ׳ן דאַך.

ס׳איז שטיל און טויט, ווי אין אַ קבֿר,
נאָר דאָ און דאָרט פֿון צייט צו צייט
אַ פֿויער שליאָפּעט אין דער בלאָטע
און ס׳הילכט דער אָפּקלאַנג לאַנג און ווייט.

און ערגעץ אין אַ הויף געמיטלאַך
שנאָרט אום און כרוקעט אויפֿ׳ן קול
אַ נאַסער אויסגעשמירטער חזיר,
ווי פֿון׳ם וועטער אַ סימבאָל.

# דער וואַסער-גלאָק

דער ים איז פינצטער־שטאָק,
נאָר ס'מאַכט ניט צו זיין רויטן אויג דער וואַסער־גלאָק.
די פּאַס באַוועגט זיך אויפ'ן שטריק,
ווי אויף דער וואַך אַ שומר, הין און קריק
און ס'היכלט מיט גרויל
דער צונג אין גלאָקן־מויל:
„גלין־גלאַן! גלין־גלאַן!
גיב אַכטונג, קאַפּיטאַן!
אין וואַסער איז פאַרשטעקט אַ ריף".

ס'קומט אָן אַ פענצטערדיקע שיף —
אַ שווימענדיקער ריזיקער לאַמטערן.
פון קוימען פליען פונקען־שטערן.
די כוואַליעס גלאַנציקע, ווי שופן,
צום דאַמפער לאַסטשען זיך אַרום,
ווי טעכטער פון נעפטון,
און אין די זייטן קיצלען, קנייפן אים און צופן,
פאַרנאַרן צו דעם ריף,
וואו זייער פאָטער לויערט אין דער טיף,
און ס'נעמט די פּאַס נאָך האַסטיקער זיך שווינגען
און אימה'דיקער נעמט דער גלאָק צו קלינגען:
„גלין־גלאַן! גלין־גלאַן!
גיב אַכטונג, קאַפּיטאַן!
אין וואַסער איז פאַרשטעקט אַ ריף".

## דער פעלז

עס שפּיצט זיך פון די וואַסערן
אַ פעסטער פעלזן־ריז,
די ברוסט אַנטקעגן שטורמווינט,
די פיס אין טיפעניש.

די בייזע כוואַליעס שלאָגן אים
און שלאָגן אָפּ זיך באַלד,
דער ווינט באַפאַלט אים אימפּעטיק
און זיך אַליין צעשפּאַלט.

און ס׳שטייט דער פעלז אַ זיכערער,
און וועט נאָך שטיין אָן סוף,
און ס׳רוט אויף זיינע שולטערן
די וואָגלענדיקע עוף.

## ווינטער

.1

איז אין הארבסטלאַנד דער שטאַפּעט
שטורעמווינט געקומען,
אויף זיין הילכיקן טרומפּייט
אָנזאָגן גענומען:
— אונטערטאַנען, גרייט זיך צו,
מאַכט אַ שיינע וואַרע!
קעניג־ווינטער קומט באַלד אָן
אויף זיין רייטפערד־כמאַרע. —

.2

האָט דער וואַלד זיך צערוישט:
— איך בין נאַקעט און הויל! —
האָט דער טייך זיך צעברויזט:
— כ'בין צעפּלאָסן — אַ גרויל! —
האָט דער וועג זיך צעקלאָגט:
— וואונד אויף וואונד איז מיין הויט! —
און די ערד האָט געזאָגט:
— כ'בין אינגאַנצן אין קויט. —

.3

אווּעק איז אַ נאַכט
אַ פולע מיט זאָרגן,
נאָר זע, ווי באַנייט
איז האַרבסטלאַנד אויף מאָרגן. —

די קויט פון דער ערד
איז, ווי אויסגעראָטן,
און ריין איז זי איצט
מיט פוידער באַשאָטן.

דער שמאַלציקער טייך
איז מער ניט צעפלאָסן,
זיין אַנצוג פון אייז
ליגט, ווי אויסגעגאָסן.

דער וואַלד איז באַקליידט,
קיין איין נאַקעט ריטל,
און ווייך איז זיין פעלץ
און פוכיק זיין היטל.

דער וועג איז געהיילט,
קיין וואונדן, קיין שניטן;
ער האָט, ווי אַ שלאַנג,
זיין הויט אומגעביטן.

די זאָרג איז אַוועק,
איעדער איז פריילאַך
און כבוד גיט אָפּ
דעם ווינטער, דעם מלך.

# ווייסער יום-טוב

ווייסע שטיקער יום-טוב
פאַלן פונ׳ם הימל,
דעקן צו די בלאָטע,
וואָכעדיקן שימל.

יום-טוב אויף די גאַסן,
יום-טוב אויף די ראָגן.
שטעל אַוועק שוין, פורמאַן,
וואָכעדיקן וואָגן!

נעם דעם יום-טוב-שליטן
מיט׳ן פעלץ-באַדעקער
און שפּאַן איין דריי פערדלאַך,
היינג אויף זיי אָן גלעקער.

פאָר ארויס און יאָג זיך
אויף די יום-טוב-וועגן
און דעם ווייסן יום-טוב
יום-טוב׳דיק באַגעגן!

## ניאַגאַראַ אין ווינטער

אַ באַוואַקסענער ווילד,
מיט די פּאַטלעס צעשפּילט;
מיט אַ פּאַרע פון מויל,
וואָס פאַרהילט זיין געשטאַלט;
מיט אַ האַסט פון אַ קויל,
מיט אַ רעש פון אַ וואַלד,
שפּרינגט איין טאָל פון אַ באַרג,
ווי צום ברעכן דעם קאַרק
און צום לינקען די פיס,
ניאַגאַראַ, דער ריז.

און דער ווינטער־ווילקיר
מיט זיין אייזיקן יאָך,
ווי אין יאַגד נאָך אַ טיר,
ניאַגאַראַ'ן לויפט נאָך.
נאָר אומזיסט בילט דער ווינט,
ווי אַ מחנה פון הינט,
און מיט שניי־שרויט אומזיסט
שיסט דער וואָלקן און שיסט. —
אַלץ אַרום ווערט פאַרוויסט,
אַלץ אַרום ווערט פאַרשטיינט,
נאָר, ווי אים ניט געמיינט,
שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ
ניאַגאַראַ'ס גאַלאָפּ.

## דער שניי-גרייז

עס איז גליטשיק און קאַלט
און דער שניי-גרייז איז אַלט,
גייט ער, גייט ער און פאַלט,
ווערט געשטרויכלט און פאַלט.

קומט דער שייגעץ, דער ווינט,
און דעם גרייז קלוימערשט דינט, —
הויבט אים אויף און אַנטרינט,
העלפט אים גיין און אַנטרינט.

און דער אָרימער גרייז,
ווי ער טוט נאָר אַ שפּרייז,
פאַלט ער גלייך אויפ׳ן אייז,
פאַלט צוריק אויפ׳ן אייז.

ליגט דער גרייז — ניט פון אָרט.
און ווער ס׳גייט, און ווער ס׳פאָרט
טרעט און ראַלט אויף זיין באָרד,
אויף זיין שניי-ווייסער באָרד.

## פעטער-שנייער אין שטאָט

פעטער-שנייער איז אַ ווייסער,
אָבער איז ניט אַלט;
פעטער-שנייער איז אַ טענצער,
טאַנצט ווען עס איז קאַלט;

פעטער־שנייער איז אַ שפּילער,
ענדערט זיין געשטאַלט;
פעטער־שנייער איז אַ שכּור,
גייט און גייט און פאַלט;
פעטער־שנייער איז אַ דאָרפסמאַן,
וואוינט אין פעלד און וואַלד;
פעטער־שנייער קומט אין שטאָט אויך,
נאָר מען טרייבט אים באַלד.

האָט זיך איינמאָל פעטער־שנייער
איינגעוויקלט אין אַ ווייסן שלייער
און אַ ווייסן בלומען־קראַנץ,
ווי אַ פרוי צום טאַנץ,
און אַזוי, אַ שכּור׳ער פון ווייִן,
אַוועק אין שטאָט אַריין,
און זיך גענומען טראָגן
איבער גאַסן, ראָגן
ווילד, געשווינד,
ווי אַ ווינט.

פעטער־שנייער טאַנצט,
פעטער־שנייער שפּרינגט. —
דוכט זיך, קיינער שפּילט,
דוכט זיך, קיינער זינגט,
נאָר די גאַנצע לופט
איז מוזיק און קלאַנג
און דער רויש פון שטאָט
איז אַ לוסט־געזאַנג.

פעטער־שנייער שפּרינגט,
פעטער־שנייער טאַנצט. —
דוכט זיך, קיינער זייט,
דוכט זיך, קיינער פלאַנצט,
נאָר די גאַנצע שטאָט
איז אַ סאָד, וואָס בליט,

יעדעס הויז — אַ בוים
פול מיט ווייסן צווייט.

האָט ער אַזוי לאַנג געדרייט זיך,
האָט ער אַזוי לאַנג געפרייט זיך,
האָט ער אַזוי לאַנג געפלאַטערט
מיט די שלייערן־וואַלן,
ביז פאַרמאַטערט
איז ער אומגעפאַלן,
ווי אַ טויטער, בלאַס,
גלייך אינמיטן גאַס.

איז געוואָרן אַ געפּילדער:
אַזאַ שכור! אַזאַ ווילדער!
לאָזט ניט גיין און לאָזט ניט פאָרן.
וואָס איז פאַר אַ צאָרן!

און ניט לאַנג האָט עס גענומען.
ס'איז אַ וואָגן אָנגעקומען,
און די מענטשן פונ'ם וואָגן
האָבן הויך גענומען זידלען
און מיט בעזימער און רידלען
האָבן שנייער'ן געשלאָגן.

אָנגעשלאָגן, אָנגעשמיסן,
און פאַרברודיקט, און צעריסן
ווייסן לייב און ווייסן שלייער,
האָט מען שיינעם פעטער־שנייער,
וואָס האָט זיך אין טאַנץ געטראָגן,
גלייך ווי מיסט און אַש פון קוילן,
און ווי טויטע קעץ, וואָס פוילן,
שנעל אַריינגעפּאַקט אין וואָגן
און אַוועקגעפירט מיט שפּאָט
ערגעץ הינטער'ן שטאָט.

## דער רעגן

קינדער, ווייסט פון אייך כאָטש איינער,
אַז דער רעגן איז אַ וויינער,
אַז וואָס עפּעס, ווי אַ קליינער,
נעמט ער טייכן טרערן גיסן?
אויב איר ווייסט ניט, זאָלט איר וויסן.

כ'וועל אייך, קינדער, ווייטער פרעגן:
ווייסט איר, אַז דער וויינער־רעגן
האָט זיך אויסגעוויינט די אויגן,
און אַ הויט האָט זיי פאַרצויגן,
און דער רעגן איז אַ בלינדער?
וואָס? איר הערט דאָס ערשט אַצינדער?
זאָלט איר ווייטער וויסן, קינדער!

ווייסט איר ווידער, אַז קיין וויינער
ליבט ניט קיינער, דולדעט קיינער,
ווייל מען וויל ניט זען קיין טרערן,
ווייל מען וויל קיין קלאָג ניט הערן,
און פון רעגן אָט דאַריבער
לויפן אַלע אין די שטיבער?
זיכער ווייסט איר — איר האָט שכל.
הערט זשע ווייטער, זייט זשע מוחל:

ווען אין פענסטער טראָפּנס שלאָגן
און איר הערט פון גאַס אַ קלאָגן,
קענט איר ווער דאָס איז מיר זאָגן?
ווער? דער רעגן? ריכטיק, קינדער!
אַ פאַרלאָזענער, אַ בלינדער,
מיט אַ פּנים אַ פּיצנאַסן
גייט ער איבער אַלע גאַסן,

אַלע מויערן באַטאַפּט ער
און אין אַלע פענצטער קלאַפּט ער:

— מענטשן, מענטשן! גאָט וועט שטראָפן.
וואָס זייט איר אַוועקגעלאָפן
פון אַן אָרימן אַ בלינדן?
איך וועל באַלד צוריק פאַרשווינדן.
לאָזט נאָר אויסוויינען די טרערן,
וואָס מיין ביטער האַרץ באַשווערן. —

## אויפ'ן אייז

אויפ'ן אייז
אין אַ קרייז
קינד נאָך קינד
שוועבט געשווינד.

ריטמיש, שלאַנק
מיט אַ בלאַנק
קריצן שיך
שטריך נאָך שטריך.

בעקלאַך ראָז,
רויט דער נאָז,
דאַמף פון מויל,
קנויל נאָך קנויל.

פריילאַך שיין
קינדער קליין
אויפ'ן אייז
אין אַ קרייז.

## דאָס העזעלע

הייסן הייס איך העזעלע,
עסן עס איך גרעזעלע,
טרינקען טרינק איך וואַסערל.
איך בין ניט קיין נאַשערל,
איך בין ניט קיין זויפּערל.
כ'בין אַ פּחדן — לויפערל,
כ'שפּרינג אויף מיינע לאַפּקאַלאַך,
לויף אַוועק פון זשאַבקאַלאַך
און אַנטרין פון פייגאַלאַך.
כ'האָב צוויי מילדע אויגאַלאַך,
און אַ פעל אַן איידעלע,
און אַ קורצינק וויידעלע,
און צוויי לאַנגע אויערן.
חיות אויף מיר לויערן —
בעראַלאַך פון וועלדאַלאַך,
וועלפאַלאַך פון פעלדאַלאַך
היטן מיינע שטעגאַלאַך,
פאַנגען אין די נעגאַלאַך,
בייסן מיט די ציינדאַלאַך,
ברעכן מיינע ביינדאַלאַך,
עפענען מיין בייכעלע,
מאַכן זיך אַ מאכל'ע.
פרעג איך, ליבע קינדערלאַך,
זאָגט, פאַר וועלכע זינדאַלאַך?

## דער רייטער

רייט אַ אינגל אויף אַ שטעקן,
שפּילט אין פערד און רייטער.
פון זיין מאַיטקעס־שפּאַלט דער העמד־עק
פלאַטערט אַ באַפרייטער.

גאַלאָפּירט זיך, מיט אַ ציצה
שמייסט זיין פערד דאָס אינגל,
מיט די קליינע ליפּלאַך טשמאָקעט,
קנאַקט זיך מיט׳ן צינגל:

— האַידאַ! האַידאַ! פלינקער פערדל,
לאָמיר שנעלער יאָגן.
איך בין רייך — איך האָב אַ קאָפּקע
אַ געשאַנק געקראָגן.

כ׳וועל דיר, פערדל, קויפן האָבער,
מיר אַ לעקאַך קויפן.
האַידאַ! האַידאַ! פלינקער פערדל,
לאָמיר שנעלער לויפן! —

## הריציק און איציק

הריציק טראָגט אַ צלם־גערטל,
ארבע כנפות — איציק.
ביידע זיינען קליינע קינדער
און ניט איבערשפּיציק.

ווייסן זיי ניט, ווי די גרויסע,
אונטערשייד אין גלויבן,
שפּילן זיי זיך תמימות־פרידלאַך,
וואָרקן, ווי די טויבן.

טוליעט זיך צו שוואַרצע פּאות
ווייסע פלאַקס־טשופּרינע,
כאָוועץ ברוינע אויגלאַך בלויע,
גראָבע הענטלאַך — דינע.

עסן זיי צוזאַמען מאָלצייט,
גלייך ווי חתן־כלה,
הריציק טיילט זיך מיט זיין חזיר,
איציק — מיט זיין חלה.

גאָט און „באָזיאַ" בײַ די קינדער
איז איין גוטער טאַטע,
בענטשט אים הריציק: „סלאַווא באָגו",
איציק —: „ברוך אתה".

הריציק קושט זיין חבר'ס ציצות
און דעם צלם — איציק,
און ס'איז גוט זיי, וואָס זיי זיינען
קליין, ניט איבערשפּיציק.

## בר-מצוה

דרייצן יאָר דיר, אָרים אינגל.
ווייסטו וואָס באַדייט די צאָל? —
זעגן אָפּ זיך מיט דיין פרייהייט,
ביזט קיין קינד מער, ווי אַמאָל.

זעגן אָפּ זיך מיט דיין פרייהייט, —
ס'פּאַלן זאָרגן אויף דיין קאָפּ.
טאַטע-מאַמע, ווי אַ משא,
גערן טרייסלען דיך אַראָפּ.

אויף דיין שטערן און דיין אָרעם
טוען זיי דיר תפילין אָן —
זאָל דער מח דאַרן, קוואַרן
און דאָס הענטל עפּעס טאָן...

# דאָס אינגל און דאָס טייכל

.1

שטראָמט אַ רוישיק טייכל,
מורמלט, ווי עס רעדט.
הערט זיין רויש אַ אינגל
און ער רופט און שפּעט:

— זאָג, וואָס רעדסטו, טייכל,
כ'קען קיין וואָרט פאַרשטיין.
ביזט אַ שטומעלעלע,
מורמלסט גאָר אָן מיין. —

רוישט דאָס טייכל שטאַרקער,
גלייך ווי מיט פאַרדרוס.
שטוינט דאָס אינגל — ווערטער
רעדט צו אים דער פלוס:

— ביזט אַ נאַריש אינגל,
דיינקסט דו ווייסט אַ סך
און פאַרשטייסט ניט מערער
פון דיין מענטשן־שפּראַך.

יעדע זאַך האָט לשון —
וואַסער, בוים און בלום,
און אַפילו שטיינער
זיינען אויך ניט שטום. —

ווערט פאַרשעמט דאָס אינגל,
בעט זיך אַזוי טריב:
— כ'ווייס, איך בין אַ שוטה,
טייכעלע, פאַרגיב! —

.2

רוישט דאָס טייכל פריינטלאַך :
— אינגל, כ׳בין ניט בייז.
פרעג מיך, וועל איך אַלץ דיר
זאָגן, וואָס איך ווייס. —

— גוט, רופט אוים דאָס אינגל
און זיין פּנים קוועלט :
— זאָג, פון וואַנען, טייכל,
קומסטו אויף דער וועלט ? —

און דאָס טייכל ענטפערט
אויף זיין שפּראַך פון רויש :
— כ׳בין, ווי דו, געבאָרן.
יאָ, ניט שטוין, הער אוים :

הויך און שיין איז הימל,
נאָר זיין האַרץ איז וויסט,
ווערט ער אָפט פאַרוואָלקנט,
טרערן גיסט און גיסט.

ליבט די ערד דעם הימל,
קלייבט זי טריף צו טריף
און מיט מוטער־ליבע
טראָגט זיי אין דער טיף.

וואַקסט און וואַקסט דאָס וואַסער,
שוואַנגערט מוטער־ערד
און אַ קליינטשיק טייכל
אויף דער וועלט געבערט. —

.3

הערט פאַרגאַפּט דאָס אינגל,
לאָזט קיין וואָרט פאַרביי.
וויסן וויל ער מערער,
פרעגט ער אויף־דאָס־ניי:

— מאָדנע, מאָדנע, טייכל,
כ׳הער דאָס ערשט אַצינד.
זאָג מיר נאָך, וואָס טוסטו,
ערד און הימל׳ס קינד? —

ענטפערט אים דאָס טייכל
אויף זיין מורמל־שפּראַך:
— כ׳גיי, ווי דו, אין חדר.
יאָ, מיין פריינט, ניט לאַך.

גייגער איז מיין לערער,
יעדע זאַך — מיין בוך,
גאָר די וועלט די שול איז,
וועלכע איך באַזוך.

איך שטודיר בוך „וואָלקן",
איך שטודיר בוך „זון",
מיט מיין שפּיגל־מח
נעם איך אַלץ אַרום.

איך שטודיר בוך „רעגן",
איך שטודיר בוך „שניי"
און כ׳ווער ברייטער, טיפער,
מער און מער פאַרשטיי. —

.4

הערט פאַרגאַפט דאָס אינגל,
לאָזט ניט דורך קיין וואָרט,
ווי פאַרגליווערט שטייט ער,
רירט זיך ניט פון אָרט.

— אינגל, כ'האָב קיין צייט ניט, —
זאָגט דאָס טייכל שיין:
האָסט נאָך וואָס צו פרעגן,
פרעג! שוין צייט מיר גיין. —

— אַך, וואָס איילסט זיך, טייכל!
קיינמאָל שטייסטו שטיל.
אָט דערצייל מיר טאַקע
איז נאָך ווייט דיין ציל? —

רוישסט דאָס טייכל האַסטיק:
— צייט איז פלינק. איך איל.
לאָזטו דורך אַ רגע,
גרייכסט זי ניט קיין פייל.

אַזוי רייך דאָס לעבן,
אַזוי גרוים די וועלט
און אַלץ זען און וויסן
האָב איך זיך געשטעלט.

איז מיין שטרעבן אייביק,
האָט מיין ציל קיין עק...
זיי געזונט זשע, אינגל,
ס'רופט דער ווייטער וועג! —

## ברוך הבא

מיין קאַלטער קאָפּ
האָט, ווי אַ מיזאַנטראָפּ,
דורך אַ פאַרמאַכטן פענצטער פון אַ ווינקל
דיך מיט פאַרדאַכט
באַטראַכט,
נאָר מיט אַ שמייכל און מיט אויגן־פינקל
איז, ווי אַ מכנים־אורח, פונ׳ם הויז
מיין האַרץ אַנטקעגן דיר אַרויס,
געעפנט ברייט די טיר,
פאַרבעטן: „קום אריין! כ׳בין גערן דיר.“

# אַ באַזוך

דו ביזט אַראָפּגעפאַלן פלוצלינג, ווי אַ שטערן,
און ווי אַ פעלזן־שטיין
אין מיט׳ן ים אַליין
דעם פויגל־וואַנדערער איז גערן,
אזוי האָב איך דיין קומען
מיט שמחה אויפגענומען.

נאָר, ווי דער שטערן גיט אַ בליץ און ווערט פאַרלאָשן
און ווי דער וואַנדער־פויגל רוט זיך אוים
און פליט פאַראויס,
אַזוי האָסטו באַזוכט מיך און פאַרלאָזן
און, ווי אין ים דער פעלזן־שטיין,
געבליבן בין איך ווידער איין־אַליין.

## ווייט און נאָנט

דו ביזט פון מיר ווייט, ווייט,
פון פון אַ מדבר-וואַנדערער אַ קוואַל,
דאָך, ווי אַ שאָטן, ביזטו באַ מיין זייט
און רוישסט און טאַנצסט אין האַרצן, ווי אַ וואַסערפאַל.

אַ קעמל בין איך פון דער וויסט.
איך קני, מיין קוואַל, באַ דיינע ברעגן
און לאַנג נאָך אויף די הייסע מדבר-וועגן
אין מיר, דערקוויקנדיק, דיין וואַסער פליסט.

## אין אַ צימער

ס'איז קיינער אין צימער,
בלויז מיר — איך און דו.
דו קושסט מיינע אויגן,
דו מאַכסט מיר זיי צו.

איך זיץ, ס'איז מיר פינצטער
און ס'דוכט זיך מיר אוים —
אַ פּנים צעלאַכט זיך,
אַ צונג שטרעקט זיך אוים.

כ'פאַרשעם זיך, שטופּ אָפּ דיך.
איך קוק זיך אַרום —
חוץ דיר איז דאָ קיינער,
דו קוקסט אַזוי קרום.

## אַזוי בין איך

כ׳בין ניט צערטלאַך —, זאָגסטו, מיידל, —
כ׳בין ניט ליב און כ׳בין ניט פיין.
יאָ. איך וויים עס. אַזוי בין איך
און ווי קען איך אַנדערש זיין?

ווי אַ בלינדער, איז מיין טאַטע
אין זיין הויז־געזינד געווען,
האָט געלערנט פרעמדע קינדער
און די אייגענע פאַרזען.

און די מאַמע — מאָדנע מאַמע! —
האָט געליבט און ניט געקושט.
כ׳האָב פאַרנומען אירע קללות,
פון איר ליבע ניט געוואוסט.

און די שוועסטער און די ברידער,
כאַטש געבאָרן אין איין נעסט,
זיינען פרעמדע איינגעשטאַנען,
ווי אין אַן אכסניה געסט.

און די ביטערע מלמדים
מיט אַ שמיץ, אַ זעץ אין ריפּ
האָבן מיך געלערנט פאָלגן,
אָבער ניט צו האָבן ליב.

און אַזוי דאָס גאַנצע לעבן,
גלייך ווי אין אַ האַרטן קלעם.
איז אַ וואונדער וואָס ניט צערטלאַך
און ניט ליב איז מיין באַנעם?

## אויף אַ שיפל

ברענט דער טייך אין פלאַמען
פונ׳ם זונפאַרגאַנג.
אונזער רודער־שיפל
גליטשט זיך שטיל, אַן קלאַנג.

דיינע אויגן ברענען,
ווי די זון אַליין.
כ׳קוק אויף דיר, פאַרקוק זיך,
לאָז די וועסלעס גיין.

שמייכלסטו און צערטלסט
מיט דיין אויגן־גלאַנץ,
טוט באַ מיר אין האַרצן
זיך אַ ריס אַ טאַנץ.

ווער איך אַ פאַרשעמטער
פאַר דער גרויסער פרייד
און כ׳קער אָפּ מיין פּנים
שמייכלענדיקערהייט.

און צו מעריב ווענד איך
מיט געבעט מיין בליק:
— זון, בלייב שטיין, פאַרגיי ניט!
און אויך דו, מיין גליק! —

## ווי אַ טאַטע

כ׳האַלט אויפ׳ן שוים זי, ווי אַ טאַטע,
און ס׳שטורמט ניט מיין ווילדע בלוט.
כ׳גלעט אירע האָר די ווייכע, גלאַטע
און ס׳איז מיר אַזוי מילד און גוט.

זי טוט אַ זיפץ, איך קען ניט הערן,
פאַר רחמים וויינט דאָס האַרץ אין מיר,
איך גיב אַ קוש זי אויפ׳ן שטערן
און זאָג: „קינד, מיר זאָל זיין פאַר דיר.“

## אַ בריוו

ליגט דיין בריוול דורכגעלייענט אויפ'ן טיש
און דער נאָכ'טעם איז נאָך פריש.
הויכט אַזאַ מין ליבע וואַרימקייט דערפון,
גלייך ווי פון דער מאָרגענדיקער זון.
וואַרים איך זיך אין די שטראַלן פון דיין בריוו,
גלייך ווי מיט פאַרזשמורעטע פון תענוג אויגן
אויף דער זון אַ קעצל אויסגעצויגן,
און פריידיק בורטשע עפּעס אַ מאָטיוו.

## ווי אַ פויגל

ווי אַ פויגל דורך אַ פענצטער,
האָסטו פאַרבלאָנדזשעט אין מיין ווינקל,
יום־טוב אַרום מיר צעפאָכעט
און דערפרייט מיך, ווי אַ אינגל.

האָסט געפלאַטערט, ווי ניט זיכער
אין די ווענט פון גרויען חדר,
און איך האָב געשטרעקט די אָרעמס:
„זיין מיין פויגל אויף כסדר".

ווי אַ פויגל, אָבער האָסטו
אַרום מיר אַ קרייז פון כשוף,
פליענדיק, אַרומגעצירקלט
און פאַרשוואונדן פון מיין ישוב.

איצט, ווי אַ גאָט'ס הויז, פון וועלכן
ס'האָט זיך אָפּגעטון די שכינה,
איז מיין ווינקל, וואו אָן ענטפער
בעט און רופט צו דיר מיין שטימע.

# אין אַלבאָם

דו פלעגסט פֿאַרליבט מיך האַלדזן און אומאַרמען,
אַזוי ווי וואָרצלען זייער מוטער־ערד,
און זאָגן מיר: „איך וועל אָן דיר פֿאַרדאַרן,
ווי אַ בוים פֿון באָדן אויסגעקערט.“

און ס׳האָט די צייט פֿון מיר דיך אויסגעריסן,
אַ טיפֿע גרוב אין האַרצן אויסגעלערט,
נאָר, ווי אַ בוים, ביזטו ניט אָפּגעשטאָרבן,
נאָר בלויז געטווישט דעם באָדן, וואָס דערנערט.

און, גלייך ווי וואָרצלען, קלאַמערסטו זיך ווידער
און רייד, וואָס איך האָב פֿון דיין מויל געהערט,
מיט הייסע טרערן און מיט הייסע שבֿועות
צו צווייטן זאָגסטו פֿריי און אומגעשטערט.

כ׳וועל „פֿאַלשע“ דיך דערפֿאַר ניט רופֿן,
ווייל כ׳ווייס: די האַנט פֿון צייט באַוועגט די ערד,
און ס׳זאָגט אַרויס דעם גרעסטן ליגן יענער,
וואָס אויפֿריכטיק פֿון טיפֿסטן האַרצן שווערט.

## דו ביסט...

דו ביסט פאַר מיר שוין מער ניטאָ
און שווער איז מיר צום שטאַרבן.
נאָר ס'איז אַ הימל נאָך פאַראַן,
אַ קאַרניוואַל פון פאַרבן,
און ס'איז נאָך דאָ אַ גרויסע ערד,
אַ בליענדער גן־עדן,
וואו פרוכט פאַרבאָטענע נאָך וואַקסט
און נייגיר־שלאַנגען ריידן,
און ס'איז נאָך דאָ מיין דורשט, דער סנה,
וואָס קען אין פלאַם ניט דאַרבן, —
און לעבן וועל איך ווייטער אויך,
כאָטש שווער איז מיר צום שטאַרבן.

## איך שעם זיך ניט מיט מיינע יאָרן

אויף די רונדע יאָרן הויבסטו אָן ערשט רייזן,
איך האָב מיילן, מיילן דורכגעפאָרן.
בין איך פון דיר עלטער, בין איך דיר קיין פּאָר ניט,
אָבער כ'שעם זיך ניט מיט מיינע יאָרן.

כ'האָב געלעבט, געשפּילט, ווי ווײַן, און אָפּגעזױערט זיך,
און געוואָרן שטאַרקער און באַ'טעמ'טער.
שטורעמ'ס בעזים האָט געקערט שוין מיין נשמה,
כ'בין פון פּסולת שוין אַן אויסגעראַמטער.

לויטער ברענט מיין ליבע, מאַכט דאָס אויג ניט וויינען
מיט קיין סאַזשעדיקן רויך און פונקען,
און מיין האַרץ איז ניט קיין זשעדנע שוואָם, וואָס
זאַפּט בלויז,
נאָר אַ קרוג, וואָס שעפּט און גיט צו טרינקען.

אָבער דו ביזט, ווי אַ ווילדערניש, וואו הפקר
וואַקסן בלום און קראָפּיווע צוזאַמען,
און ווי אַ צעלאָזן קרענקלאַך קינד, וואָס ווייסט ניט
וואָס עס וויל און קלאָגט און פּלאָגט דער מאַמען.

## זאָגט צו מיר אַ מיידל:

— דיינע אויגן זיינען, ווי דער ים,
מוטנע-גרין און טיף.
כ'האָב פּאַר דיינע אויגן מורא.
צי זיי חלומ'ען פאַרנעבלטע,
ווי דאָס וואַסער אין טומאַן,
צי זיי פינקלען לוסטיקע,
ווי די כוואַליעס אין דער זון, —
דראָט פון זיי אַ שטענדיקע סכנה.
אָט, אָט
און זיי וועלן פינצטער ווערן,
ווי דער אָפּגרונט אין אַ שטורעם,
ס'וועלן זיך צעשפּילן די שוואַרצאַפּלען,
ווי די ברויזנדיקע כוואַליעס,
ס'וועט אין זיי אַ העליש פייערל אַ בליץ טון,
און, ווי ס'זינקט אַ שיף,
פלאַמענדיק מיט מאַסט און זעגל,
וועט מיט ברענענדיקע פליגלען
אונטערגיין אַ קרבן. —

## די שטראָף

כ'האָב, ווי אַ גאַסט, די ליבע אויפגענומען,
ווען צו מיין שוועל איז זי געקומען.
איך האָב געטראַכט: — כ'בין רייך, אַזוי ווי קורח,
און כ'קען דערפאַר פאַרגינען זיך אַן אורח. —
האָט פאַר דער צדקה מיך גאָט געבענטשט כפלים,
נאָר פאַר'ן שטאָלץ באַשטראָפט מיך, ווי אַ דיין —
פאַרטאָפּלט זיינען אַלע מיינע גיטער,
נאָר איך אַליין בין בלויז דער ליבע'ס היטער,
און זי, וואָס איז, ווי בלויז אַ גאַסט, געקומען,
האָט שאַלטן, ווי אַ באַלעבאָס, גענומען.

## אַליין

נאָך אַלע ליבעס, אַלע גליקן,
איז מיר באַשערט צו זיין אַליין,
עס זאָלן מיינע שענסטע טרוימען
אין זייער אויפגאַנג אונטערגיין.
איך זאָל, ווי משה, גיין קיין כנען
און בלייבן אויפ׳ן סאַמע ראַנד,
די ליבע היים זען פאַר די אויגן
און קיינמאָל ניט אַריין אין לאַנד.

## אויפ'ן סקעפאַלד

היינגט מיין לעבן אויפ'ן סקעפּאַלד-וואַגשאָל,
היינגט עס — לעבן איז בזול הזול.
קלייד און פּנים אויסגעשמירט פּאַיאַציש,
מאַך איך קונצן — קראַץ, שטויב אָפּ און מאָל.

שלײדערט מיך דער ווינט אין כף-הקלע.
ווינט, פּאַמעלאַך, שלײדער ניט אַזוי! —
ס'קען ניט, נעבאַך, צוזען דורכ'ן פענצטער
די פיינפילדיקע אַדל-פרוי.

שווינדלט אָפּגרונטיק די גאַס פון אונטן.
קני, ניט חלש'ט! טרייסל זיך ניט, האַנט! —
ס'קען פון פּינזל נאָך די פאַרב אַ טריף טון,
טרעפנדיק אַן אויסגעפּוצטן פּראַנט.

ס'קען, חלילה, נאָך די פאַרב אַ שפּריץ טון
אויף אַ שויב צי אויף אַ בלומען-טאָפּ —
ס'וואוינט דאָ, ברודערל, דיר ניט קיין קבצן,
נאָר אַ גביר, וואָס וויל ניט זען קיין טראָפּ.

פאַרזיכטיק זיי, ברודערל, גיב אַכטונג
צי די שטריק איז צוגעפעסטיקט גוט,
קענסט נאָך, גאָט באַהיט, אַרונטערפאַלן
און דעם שטיין באַשמירן מיט דיין בלוט.

## זאָגט דער פאַרבער:

אומריין זיינען מיינע אַרבעטס־קליידער,
דאָך געניינט פון ווייסן זיינען זיי.
אָרים בין איך, נאָר אַ טראַציק־שטאָלצער,
ווי בײַנאַכט אַ ווייסער באַרג פון שניי.

אין אַ קעלער־לאָך די פאַרבן מיש איך,
נאָר קיין שרעקיק מייזל בין איך ניט.
דורך דער הינטער־טיר צור אַרבעט קום איך,
נאָר ניט בעטלעריש איז מיין געמיט.

כ'הייננ אויף שטריק און קלעטער אום אויף לייטערס,
איך בין אָבער ניט קיין קאָמעדיאַנט.
כ'קריך אויף דילן, נאָר כ'בין ניט קיין וואָרעם,
און כ'וועד רויט פון פאַרב, נאָר ניט פון שאַנד.

מ'לויפט פון מיר, ווי פון אַ קרעציק־קראַנקן.
זאָלן פראַנטן לויפן — ווען אַרט'ס!
אומריין זיינען מיינע ארבעטס־קליידער,
אָבער ניט מיין האַרץ!

## שמיר, ברודער, שמיר!

איך אַרבעט מיט מיין באַלעבאָס,
וואָס האָפט צו זיין אַמאָל אַ גביר.
ער יאָגט זיך, רעדט ניט אויס קיין וואָרט,
אַ חוץ די פּאָר: „שמיר, ברודער, שמיר!“

די פּינזלען רייבן, פּאַטשן צו.
עס טרעפט אין אויג מיר דער „קאָליר“.
„אָ, באַלעבאָס, ניט שפּריץ אַזוי!“
ער ענטפערט בלויז: „שמיר, ברודער, שמיר!“

ס'פאַרדרייט דער קאָפּ זיך פון דער פאַרב.
איך בעט: „אַ רגע צייט פאַרליר,
מאַך אויף אַ פענצטער, באַלעבאָס!“
ער בורטשעט בלויז: „שמיר, ברודער שמיר!“

מיך דורשט. עס ברענט דער גיפט אין ברוסט.
„אָ, באַלעבאָס, אַ גלעזל ביר!“
ער שטשירעט אויס די געלע ציין
און זיפט אַדורך: „שמיר, ברודער, שמיר!“

„אַ ציגאַרעטל, באַלעבאָס!
פאַררויכערן דעם סם אין מיר“.
ער מאַכט זיך גלייך, ווי ניט געהערט,
און חזר'ט בלויז: „שמיר, ברודער, שמיר!“

„אָ, באַלעבאָס! איך קען ניט מער.
איך גיי אַרויס. איך חלש שיער.“
ער גיט אויף מיר אַ ווילדן קוק
און זאָגט אויפסניי: „שמיר, ברודער, שמיר!“

## די גאַס פון אונטערהאַלט

ווי אינזעקטן אויפ׳ן שיין פון ליכט,
שטראָמען מענטשן מאַסנווייז, געדיכט
צו דער העלער גאַס פון אונטערהאַלט.
וואַרימט ניט די גאַס, שימערט זי און שטראַלט;
גייט מען אום אַ פרעמדער אין המון,
איז אַליין בעסער, ווי צו זיין אַליין;
שפּילט דאָס בלוט ניט אויפ׳ן פּנים׳ס הויט,
שמירט מען אָן מיט שמינקע און ס׳איז רויט;
איז ניטאָ קיין לעבנס-פרייד אין ברוסט,
לאַכט מען גלאַט זיך און מען שפּילט אין לוסט...

שטראַלט די שטאָט-גאַס. שטראָמט דער מענטשן-פלוס,
להוט נאָך צעשטרייאונג און גענוס.
דאָ אַ שילד לויכט פון אַ בילדער-שפּיל,
דאָרטן רופט דאָס ליכט פון וואָדעוויל,
ווייטער לאָקט דער קעלער, וואו מען טרינקט,
און אַ פרוי אָט מיט די אויגן ווינקט,
ציט מען פונ׳ם טאַש אַרויס דאָס געלט
און מען גייט אַריין וואוהין ס׳געפעלט,
און איז עמיצער אַן אָרימאַן,
איז פאַר אים פיל שויפענצטער פאַראַן...

## דער קלויסטער

אין אַ פּאַיאַציש־הויכער מיץ
און מיט גלעקער אויפ'ן שפּיץ
שטייט דער קלויסטער, ווי אַ נאַר,
קלינגט אין נאָמען פון דעם האַר.

זונטיק איז טעאַטער צו.
לאַנגווייליקט דעם גביר די רו,
טוט ער אָן דעם שוואַרצן ראָק,
גייט אַהין, וואו ס'רופט דער גלאָק.

זעט ער דאָרט אַ בילד געמאָלט,
האַנטווערק קונציקע פון גאָלד,
שניצערייען, אויסגעניי,
פונקט, ווי אין אַ קונסט־מוזיי.

כאָר און אָרגל איז מוזיק,
ליכט און ווייִרוך — אַטמאָספער
און דעם פּריסטער'ס רייד פון גליק —
פיינער זשעסט פון אַ זשאָנגלער.

נאָר דער אָרימאַן פאַרטרערט
קניט און בוקט זיך צו דער ערד
און גיסט אויס זיין האַרץ פאַר גאָט,
גלויבנדיק אין זיין גענאָד.

הייליק איז פאַר אים דאָס אָרט,
דורכ'ן פּריסטער רעדט גאָט'ס וואָרט
און דער אָרגל און דער כאָר —
מלאָכים־שירה אויף דער וואָר.

## פרוכט און פלייש

פֿאַרביי אַ פרוכט־קראָם גיין
איז אַנגענעם אַזוי —
עס טובל'ט זיך דיין בליק
אין פרישקייט ווי אין טוי.
ווי אַ געליבטערס הויך,
באַרוישט דער אַראָמאַט.
ס'באַגריסט און ס'שמייכלט דיר
די פאַרב פון אויבס און בלאַט.
דער עפּל רויט־פֿאַרשעמט
שטעלט אונטער דיר די באַק.
די אויסגעפּילטע באַר
אַפּעלירט צו דיין געשמאַק.
עס גלאַצט פֿאַרליבט די קאַרש,
עס ווינקט די טרויב פון וויין
און גרינס געטריי און בלינד
דעם קאָפּ פאַר דיר בויגט איין.

פֿאַרביי אַ יאַטקע גיין
איז שווידערלאַך און קאַלט —
דער רויטער טויטער פלייש,
ווי פייער, מאַכט אַ גוואַלד.
עס גליווערן דאָס בלוט
די קאַלטע לעבער, לונג.
עס מאַנט דעם הענקער'ס שטראָף
די היינגענדיקע צונג.
ס'טוט אוים דעם מ ע נ ט ש ן הויל
דער אָפּגעשונדענער קאָפּ.
די שטשירענדיקע ציין
פון אַלעם לאַכן אָפּ.
דער אייז־פֿאַרשטאַרטער בליק
צינדט אָן מיט שאַנד ס'געזיכט —
עס ווערט אַ יאַטקע־הונט
דער מענטש אין יאַטקע־ליכט.

# אַרעסטאַנטן

(פון א. ק. טאָלסטאָי)

עס נידערט די זון הינטער סטעפּן,
באַגילט איז דער גראָזענער דעק,
די קלינגענדע קייטן זיך שלעפּן
און קערן דעם שטויב פונ'ם וועג.

זיי גייען מיט שטערנס געגאָלטע,
מיט שווערקייט שטעלן זיי טריט,
אַראָפּגערוקט כמורנע די ברעמען,
פאַרקלערט און באַטריבט דער געמיט.

עס גייען אויך שאָטנס צוזאַמען,
עס שלעפּן צוויי קליאַטשעס געשפּאַנט,
עס בויגן די קני און עס שפּאַנען
מיט פוילקייט די וועכטער ביינאַנד.

— העי, ברידערלאַך, לאָמיר אַ זינג טון,
פאַרגעסן די צרות און גאַל!
ווייזט אוים, אַז אַן אומגליק אַזאַ מין
געצייכנט האָט אונז דער שיקזאַל! —

און ס'לאָזט זיך אַ זינגען אַוועקעט,
דאָס ליד, זיך פאַרגייענדיק, גיסט
פון וואָלגאַ'ם אומענדלאַכע שטרעקעס,
פון טעג, וואָס פאַרגייען אומזיסט.

זיי זינגען פון פרייהייט פון סטעפּן,
זיי זינגען פון שוואונג אָן אַן עק...
עס טונקלט. די קייטן אין שלעפּן
אַלץ קערן און קערן דעם וועג...

## צוויי פײַנט

(פון ראַטהאַוז)

ס'איז דאָ אַ פײַנט, דער פײַנט איז הונגער
און בלינד איז ער, אים פירט די נויט.
ער האַלט אַ שווערן האַמער־צווינגער
פון אַרבעט, אָרימקייט און קויט.
זיין שמיד־קלאָץ איז פון מענטשן־קינדער,
ער שלאָגט אויף זיי אי טאָג אי נאַכט...
אָ, שטרעקט זיי אויס אַ האַנט, מאַכט לינדער
מיט וואָס נאָר ס'איז אין אייער מאַכט!

ס'איז דאָ אַ צווייטער מענטשן־שונא,
דער פײַנט איז צווייפל... טעג אָן זין...
ער טויט דעם דראַנג, די טרוימען שיינע
פון מענטשהייט'ס אויסדערוויילטע זין.
אין האַרץ ביי זיי איז נאַכט און ווינטער,
אין זעל אַ קללה און אַ שלאַכט...
ניט שטרעקט קיין הענט צו מאַכן לינדער,
זיי העלפן זייט איר ניט אין מאַכט!

*

* *

(פון א. פעט)

שטילער פליסטער. אָטעם־רעגונג.
טריל פון נאַכטיגאַל.
וואַסער־זילבער און באַוועגונג
פון פאַרשלאָפענעם קוואַל.

נאַכט־ליכט, נאַכט־שאָטנס געהיימע.
שפּיל פון שאָטן־ליכט.
רייע ענדערונגען שיינע
פון אַ ליב געזיכט.

אין די וואָלקנס — דימענט־גלימער,
פּורפּור, רויזן־בלי.
קושן, טרערן און דער שימער
פון דער זון גאַנץ פרי!

# דער קבר

(פון ניקיטין)

טיף איז געגראָבן דער קבר דער אָפענער...
לעבן ניטפרייִלאַכער איינזאַם פאַרלאָפענער,
לעבן געדולדיקער, לעבן אומעכטיקער,
לעבן שטילשווייגנדער, לעבן האַרבסטנעכטיקער...
ביטער געגאַנגען ביזטו, לעבן מיין,
שטאַרבסט, ווי אַ סטעפּישער פייערל־שיין...

מילא!... שלאָף איין, מיין שיקזאַל האַרטגעבעטענער!
צומאַכן פעסט וועט דער צודעק דער ברעטערנער,
ערד וועט אים צופרעסן שטייפער און איינִיקער, —
בלויז מיט איין מענטשן וועט ווערן דאָ ווייניקער...
קיינעם וועט קריינקען זיין טויט און פאַרלוסט,
קיינער וועט טראָגן זיין זכר אין ברוסט!...

טראָגט זיך אַ זינגען אַ זאַרגלאָז־געצוויגענער, —
דער גאַסט פון בית־עולם, דער פויגל פאַרפלויגענער
באָדט זיך אין לופטן אַ פרייער אַ זינגענדער;
שיט זיך, ווי זילבער, זיין ליד די הויך־קלינגענדע...
שטילער!... צו ענד איז די פראַגע פון זיין —
מ'דאַרף מער קיין לידער, קיין טרערן פון פיין!

# פריינט און ברודער

(פון נאַדסאָן)

פריינט און ברודער, דו ליידנדער מידער פון פיין,
זאָל דאָס האַרץ דיר ניט ווערן באַשווערט:
מעגן אומרעכט און שלעכץ די פולמעכטיקע זיין
אויף דער טרערן־געוואַשענער ערד,
מעג פאַרשפּאָט און צעשמעטערט זיין דער אידעאַל
און מעג אומשולדיק בלוט פליסן פריי: —
גלויב—ס׳וועט שלאָגן די שעה, וועלכע ברייננגט בעל׳ס פאַל
און די ליבע וועט קומען אויפסניי!

ניט אין קייטן געשמידט, ניט אין דאָרניקן קראַנץ,
איינגעהויקערט פון קרייץ און פאַרשעמט, —
זי וועט קומען אין וועלט אין איר מאַכט, אין איר גלאַנץ,
מיט אַ פאַקל פון גליק אין די הענט.
און ס׳טניט זיין אויף דער וועלט ניט קיין האַס, ניט
קיין שלעכץ,
ניט קיין קברים ביים פּלויט, ניט קיין קנעכט,
ניט קיין פינצטערער טויטענדער נויט, ניט קיין קרעכץ,
ניט קיין שאַנד־קלאַץ, קיין שווערד פון געפעכט!

אָ, מיין פריינט! ניט קיין טרוים איז דאָס קומען פון איר,
ניט קיין נאַרישע האָפענונג בלויז:
קוק זיך אום, — ס׳איז צו פינצטער די נאַכט ארום דיר
און דער דרוק פון דאָס שלעכץ איז צו גרויס!
ס׳וועט די וועלט ווערן מיד פון משוגענעם קריג,
זיך פאַרכלינען אין בלוט פון איר באָד
און וועט הויבן איר צער׳פולן בעטנדן בליק
צו דער ליבע פון אייביקן גנאָד!...

# מלחמה

## חשבון הנפש

עס רופט און לופט
דעם שופר'ס שטים:
טו־טו! טו־טו!
צום דין! צום דין!

טו־טו! טו־טו!
דיין פלאַץ מערק אָן!
ווער איז דיין גאָט?
וואָס איז דיין פאָן?

## דער מלחמה-טאַנץ

די געזיכטער אויסגעקרימטע,
אין די אויגן — ווילדער גלאַנץ.
פלעכטן זיך צוזאַמען קריגער,
גייען אַ מלחמה-טאַנץ.

פויקן צו זיי די האַרמאַטן,
טעצלט צו זיי שווערד אויף שווערד.
האַסטיק ווירבלען זיך די טענצער,
גראָבן מיט די פיס די ערד.

טאַנצן פיינט אַרומגענומען,
שיידן וועט זיי בלויז דער טויט.
טאַנצן פריילעך, טאַנצן גרופּעס,
שיט זיך קאָנפעטי פון שרויט.

טאַנצן גוסס'דיקע גופים
קאָנוואולסיווע טרייסל-טענץ,
שנירלאַך בלוט אַרום די העלדזער,
אויף די שטערנס מאַרכנע קרענץ.

שפּריצט דער רויטער הייסער בלוט-וויין,
שוימט דער שכור-ווילדער מויל...
טאַנצן קריגער וואַקכאַנאַליש,
פויקט דער ביקס און פייפט די קויל.

## אַלע מוחות...

אַלע מוחות פול מיט ווּאַנזין,
אַלע זעלן שוואַרץ, פאַר׳ס׳מט.
העלף מיר, העלף מיר, גאָט אין הימל,
ניט פאַרלירן מיין פאַרשטאַנד.

אַלע אויגן פול מיט פיינטשאַפט,
אַלע הערצער דורשטן בלוט.
העלף מיר, העלף מיר, גאָט אין הימל,
גיב מיר גלויבן, גיב מיר מוט!

## צווייִ העלדן

.1

אונטער פּלאַם און פייער
פּעכט אַ מענטש — אַ גרויל!
שטייף פאַרקריצט די ציינער,
ווילד פאַרקרימט דער מויל.

מיט אַ שווערד אַ שאַרפן
פאָכעט ער מיט וואוט,
שפּאַלט דעם שונא'ס שאַרבן
און פאַרגיסט זיין בלוט.

פּלאַצן די גראַנאַטן,
פייפט אין לופט דער שרויט,
ער קוקט אָן אַ ציטער
אין געזיכט פון טויט...

.2

אונטער שלאָס און גראַטעס
זיצט אַ מענטש אין צאַם,
ברענען זיינע אויגן
מיט אַ הייליק פלאַם.

הענט און פיס אין קייטן,
טרעט די וואַך ניט אָפּ, —
פאַר די ווילדע קריגער
בויגט ער ניט דעם קאָפּ.

און דעם אומרעכט ליידט ער
מיט אַ פעסטן מוט,
און ס'איז זיין געוויסן
ריין פון מאָרד און בלוט.

# קריג און רעוואָלט

.1

עס רעגן זיך מחנות פון ריטער,
ווי כמאַרעס פון בייזן געוויטער,
און שטויסן צונויף זיך אין שלאַכט
מיט סטיכישער שטורמישער מאַכט.

די ביקסן, ווי דונערן, קנאַלן,
עס בליצן די שווערדן און ס׳פאַלן
די ריטער צעוויגט און צעהיצט,
ווי בוימער געטראָפן פון בליץ.

עס קנוילט זיך, אַזוי ווי אַ נעבל,
דער רויך פון׳ם פולווער און שוועבל
און ס׳רעגנט מיט פליסיקן שרויט
אַראָפ אויף די פעלדער פון טויט.

.2

פעכטן די ריטער און פעכטן,
ווערן זיי מיד און פאַרשמאַכט.
בלייכן די צילן פון נעכטן,
טונקלט דער זינען פון שלאַכט.

היינגט, ווי אַ פליגל אַ טויטער,
שווער אָן אַ פלאַטער די פאָן.
ס׳גיט נאָך אַ שאַל דער טרומפייטער,
נאָר מיט קיין זיכערן טאָן.

ס׳גיט נאָך דער פויקער אַ האַמער,
אָבער עס רעגט שוין ניט מער.
מיד איז די האַנט שוין, וואָס קלאַמערט,
לאָזט זי אַרוים דעם געווער.

צאָרן און האָס אָפּגעשטאָרבן,
צינדט ניט דער פּיינט קיין פּאַרדראָס.
פאַלט פאַר די אויגן אַ קרבן,
שטוינען די ריטער: — פאַרוואָס? —

.3

די זון איז אַ ברענענדיק-הייסע.
עס ווערן געשוואָלן די מתים
און ס'ליגן פאַרטראָגן, פאַרשמאַכט
צוויי ריטער פאַרוואונדעט אין שלאַכט.

עס אייטערן שוימיק די וואונדן,
די קוילן, ווי בלייענע שפּונטן,
פאַרהאַלטן די בלוטן, ווי וויין,
פאַרהאַלטן און האַלטן ניט איין.

די אויגן אין בראַנד, ווי שטורקאַצן.
די ליפּן פאַרקאָרעטע פּלאַצן
און לעצטן טרונקוואַסער אין פלאַש
ציט איינער אַרויס פון'ם טאַש.

נאָר ווי ער טראָגט צו צו די ליפּן,
דערהערט ער אַ קרעכצן, אַ זשיפּען,
דערזעט ער מיט פינגער ביים שלונג
דעם שונא אין דורשט נאָך אַ טרונק.

גיט רחמים אין האַרצן אַ ציטער
און פריינטלאַך די וואַסער-פלאַש גיט ער
צום מיטמענטש, זיין ברודער אין קריג,
וואָס פינקלט מיט דאַנקבאַרן בליק.

.4

אַז ס'פאַלט אויפ'ן שלאַכטפעלד די נאַכט,
הערט אויף דער געפּילדער פון שלאַכט,

נאָר ס׳וועט גאָר אינגאַנצן ניט שטיל,
ס׳נעמט וואָיען אַ הינטיש געביל.

און ס׳האָט ניט דער ריטער קיין רו,
און שליסט זיינע אויגן ניט צו,
און קוקט אין דער נאַכט, וואָס פאַרהילט
דעם מת און זיין קבֿרן, וואָס בילט.

און ס׳ציטערט דער ריטער פון גרויל,
און דרייט זיך צונויף, ווי אַ קנויל,
און וואַרפט זיך, אַזוי ווי אַ שלאַנג,
און שאַרפט, ווי אַ פייל, זיין געדאַנק.

פאַרטראַכט זיך דער ריטער און טראַכט:
— ס׳איז עפּעס ניט גלאַט מיט׳ן שלאַכט. —
שטעלט פראַגעס דער ריטער און זוכט
און גאַליק שפּייט אויס זיך און פלוכט.

.5

צי זעסטו די וואָלקנס פון שטורעם,
ווייטזעענדער וועכטער פון טורעם?
צי זעסטו אין לאַגער אַ שוויבל,
אַזוי ווי אין אַ מוראַשקעס־שטיבל?
באַמערקט דאָרט דיין אויג דער געניטער
די רינגען פון רולאַזע ריטער,
די רינגען, וואָס שנעל זיך פאַרמערן
און זיכער אַ קייט וועלן ווערן?
צי זעסטו די אויגן, וואָס בליצן,
די ציינער, וואָס מאָנען און קריצן,
די ליפּן, וואָס פלוכן און טענ׳ען,
די שטערנס געקנייטשטע, וואָס זיינען
די האַרצלאָזע ריכטער און דיינקער,
די פויסטן — די גרויזאַמע היינקער?
צי שלאָפסטו? איז שלאָף דיר, דו היטער,
נאָר וויים, אַז עס וואַכן די ריטער!

.6

רייט דער קעניג אויף אַ פערד,
ציטערט הינטער אים די ערד,
אָבער קנעכטיש ציטערט ניט
באַ די ריטער דער געמיט.

אָנגעכמורעט, ווי אַ וואַלד,
וואָס אַ בייזן וואָלף באַהאַלט,
שטייען זיי אין פעלד אַרום
און באַגריסן קאַלט און שטום.

גיט אַ פּאָך דעם קעניג'ס שווערד,
גיט אַ הירזש זיין קריגער־פערד,
רופט דער קעניג: — פאָלגט נאָך מיר! —
גיט זיך קיינער ניט קיין ריר.

זעט דער קעניג — ס'איז ניט גלאַט,
ווערט ער בייז און שרייט: — פאַראַט! —
לאַכן אַלע מיט אַמאָל,
ווי אַן עכאָ אויף זיין קול.

.7

עס ברויזן די ריטער, ווי כוואַליעס,
און ס'שאָקלען זיך טראָנען, ווי פּאַליעס,
וואָס גרעבליען די שלאָגענדע קוואַלן.
עס שטראָמען, און קאָכן די וואַלן,
און רוישן, און שאַלן,
באַפאַלן
און פאַלן,
און שטייגן אויפסניי
ביז ענדלאַך ס'פאַרשווינדן
די צוימען, וואָס בינדן,
און ס'ווערן די אינדן
פריי!

## די הון און דער הונט

דער הויף איז כאַדאַראַם געגאַנגען:
אַ הון האָט זיך געקליבן פליען.
זי האָט געקוואַקעט און געשריען,
אַרומגעפאַדיעט איבער די שטאַכעטן־שטאַנגען,
אַראָפגעוואָרפן פון אַ פלאָקן
אַ קרוג, וואָס איז געהאַנגען,
די דרימלענדיקע קאַץ אויף טויט דערשראָקן,
אַרומגעלאָפן אויפ׳ן הויף צעטראָגן
און מיט די פליגלען ווילד געשלאָגן,
אַז ס׳האָבן זיך געווירבלט שטויב און פעדערן,
און מיט אַ יעדערן,
וואָס זי האָט זיך באַגעגנט,
האָט זי זיך אָפגעזעגנט.
— וואָס פאַר אַ „זיי געזונט״? —
האָט זי אַ פרעג געטאָן דער הונט.
— וואָס הייסט? דו ווייסט גאָרניט דערפון?
איך פלי אַוועק
ווייט, ווייט — אַ שרעק! —
— דו שפּאַסט, מיין הון!
דער אָדלער שווייגט, ווען פליען לאָזט ער זיך אין וועג,
און דו, וואָס טומלסט אַזאַ סך,
ווייל דיינע פליגלען זיינען שוואַך,
וועסט קלייבן זיך און קלייבן
און אויפ׳ן זעלבן אָרט פאַרבלייבן. —

# דער פראַנט און דער שמיד

(געווידמעט סאָוויעט־רוסלאַנד)

א פראַנט,
אַן איידעלער, אַ בלאַסער,
וואָס אויף זיין לעבן האָט קיין האַנט
אריינגעטון אין קאַלטער וואַסער,
האָט אויפ׳ן גאַס דערהערט די האַמער־קלאַנגען,
וואָס האָבן, ווי די טענער פון אַ מעכטיק ליד,
פון קוזניע ריטמיש זיך געטראָגן,
און נייגעריק צום שמיד
אריינגעגאַנגען.
ס׳האָט יענער אַקוראַט געשלאָגן,
פאַרקלאַמערט אין אַ גרויסן צוואַנג,
אַ רויט־צעגליטן אייזנשטאַנג,
וואָס האָט פון אונטער׳ן האַמער׳ס שוואונג
מיט פונקען־טראָפּנס, שפּריצנדיק, גערעגנט.
נו, נעמט אַזאַ מין פונק
און אונזער גאַסט באַגעגנט.
— אַך, סאַ גיהנום דאָ! —
האָט אַ געשריי געטון דער פראַנט,
זיך כאַפּנדיק פאַר דער צעבריטער האַנט.
— יאָ, יאָ! —
האָט, לאַכנדיק, דער שמיד צו אים געוואונקען:
— וואו מען שמידט, דאָרט שפּריצן פונקען! —

# די כוואַליע און דער פעלז

אַ יונגע שוימנדיקע כוואַליע
האָט בייז געשטורעמט
אַ פעלז, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ פּאַליע
פון שטיין געפורעמט.
— אַוועק
פון וועג,
שטיק שטיין פאַרגליווערטער פון יאָרן! —
האָט זי געברויזט מיט צאָרן:
צי זעסטו ניט, אַז ראַשיק קום איך אָן
אַ נייע, ערשט געבאָרן,
צו אומוואַרפן דיין טראָן,
דו אַלטער תּרח? —
— אַודאי הער איך, —
האָט איר דער פעלז געענטפערט זיכער:
נאָר וואָס זאָל איך דיר זאָגן?
שוין ניט איין וועל האָט זיך אויף שוים צעשלאָגן
און ניט איין וויכער
האָט זיך מיט חרפּה אָפּגעטראָגן,
און איך שטיי אַלץ און וועל נאָך שטיין אָן סוף
און געבן רו דער וואַגלענדיקער עוף. —

---

דו נייער וואַסערדיקער מייסטער!
וויפיל דו זאָלסט אַ וועלט ניט קערן,
וועסטו די אַלטע פעלזן-גייסטער
ניט צעשטערן,
און פון דיין מאָלן, קלעפּן אָדער שרייבן
וועט בלויז אַ שוים פאַרבלייבן.

# די שעפּס און דער פּאַסטוך

די שעפּס, זעענדיק אַנומלט,
ווי מיט׳ן פּאַסטוך האָט דער הונט געשפּילט זיך,
געשפּרונגען, און געהאַווקעט, און געטומלט,
געצילט זיך
צו כאַפּן פּאַר׳ן עק די לאַנגע בייטש
און ווי אַזוי דער פּאַסטוך
האָט מיט׳ן הונט געשפּאַסט אויך,
געגלעט אים און געצערטלט,
האָט זי באַליידיקט זיך צעוווערטלט:
— פּאַרוואָס, מיין האַר, און ס׳טייטש?
כ׳בין, דוכט זיך, גוט און פרום.
אַן מורמל, שטום
גיב איך דיר אָפּ מיין וואָל, מיין פלייש, מיין לעבן,
דאָך מערער פון אַ דאַנק האָסטו מיר ניט געגעבן.
און אָט דעם הונט, וואָס ערשט האָסטו געשמיסן
פאַר אויפעסן דיין ביסן,
באַשיינקסטו יאָ מיט חבר׳שאַפט און ליבע. —
און ס׳האָט דער פּאַסטוך איר דערקלערט די סיבה:
— מיין שעפּס, דו ביזט מיט מעלות פיל,
עס פעלט דיר אָבער שפּיל.
און פון די אַלע גוטע זאַכן
קען קיין זאַך נישט אַ מענטשן מערער גליקלאַך מאַכן,
ווי שפּילן, לאַכן. —

# דער זייגער און דאָס האַרץ

אַ זייגער,
וואָס אַ פּאָעט
האָט אויפ׳ן ברוסט געטראָגן
און וועלכער האָט אי פרי, אי שפּעט
אַלץ אויפ׳ן זעלבן שטייגער
געשלאָגן,
האָט איינמאָל זיך געווענדט צום האַרץ פון דיכטער:
— אַנטשולדיק, האַרץ, פאַר זיין אַ ריכטער,
נאָר כ׳מוז דיר זאָגן,
אַז עפּעס איז מיט דיר ניט גלאַט —
אָט שלאָגסטו אַזוי פיבערדיק און גיך
און אָט אַזוי שוין שטיל און מאַט.
מען טאָר ניט, האַרץ, אַזוי זיך פירן,
מען דאַרף זיך רעגולירן,
ווי אָט צום ביישפּיל — איך. —
— אַ דאַנק, מיין יועץ און מיין ריכטער! —
האָט אים געזאָגט דאָס האַרץ פון דיכטער:
נאָר כ׳וועל שוין בלייבן מיט די גרייזן.
איך בין,
ווי דו, ניט קיין מאַשין,
געמאַכט פון טויטע מעש און אייזן. —

## דער הונט און דער חזיר

אַנומלט אין אַ ווייסער נאַכט,
אויף דער לבנה קוקנדיק מיט שמאַכט,
האָט זיך אַ הונט צעוואָיעט מיט אַזאַ געוויין,
ווי קלאָגן וואָלט ער, וואָס די וועלט איז אַזוי שיין,
און ער איז בלויז אַ הונט און קען זי ניט פאַרשטיין.
פון דעם געביל האָט זיך אַ חזיר אויפגעוועקט
און האָט פאַרשלאָפן און מיט שרעק געפרעגט:
— וואָס בילסטו, הונט?
ביזטו געזונט? —
— אַך, די לבנה שיינט אַזוי, —
האָט אים דער הונט געזאָגט:
און ס'איז דער הימל אַזוי בלוי,
און ס'נאָגט דאָס האַרץ און נאָגט. —
— כריו, כריו! וואָס פאַרא הימלען און לבנות?
ס'איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.
ביזט, הונט, אַראָפּ פון זינען, אויף נאמנות. —
— אויב זעסט ניט, דבר־אחר, דו מיט דיינע אויגן, —
האָט אים דער הונט געענטפערט דאָ:
איז קיין באַווייז נאָך ניט, אַז ס'איז דאָס אַלץ ניטאָ,
נאָר אַז דו קענסט דיין קאָפּ ניט הויבן
און זען, וואָס ס'טוט זיך אויבן. —

## די ציג און דאָס בעקל

זינט ס'האָט געציגלט זיך די ציג
האָט זי נאָך אויסגעציגלט קיינמאָל
אַ בעקלע אַזאַ, אַ בעקעלע שוין איינמאָל!
די מאַמע מיגל איז גאָר מלא גליק,
זי לעקט'ס,
און שמעקט'ס,
און ווערט צעשמאָלצן פאַר התפּעלות.
אַ קליייניקייט—עס איז געבענטשט מיט אַלע מעלות:
עס טאַנצט רקודים'לאַך, אַ טענצער פון נאַטור,
עס מעקעט, ווי עס זינגט קאָלאָראַטור,
עס שטויסט און פּעכט זיך, ווי אַ פּוגיליסט.
און ס'נעמט די מאַמע און באַשליסט:
אַ שאַד ס'זאָל גיין אַזוינס פאַרפאַלן אין דער סטאַדע.
זי וועט אים בעסער ביז זיין פולן וואוקס
זיך לערנען שיקן צו דעם פוקס
און ס'וועט אַודאי
פון בעקל ווערן
אַ זשעני, אַ שטערן.

אַריבער איז די צייט פון לערע,
און אויפגעבלאָזן, שטאָלץ, מיט ערע
געקומען איז הער ציגנזאָן צוריק.
נאָר אַז אים האָט דערזען די אַלטע ציג,
איז זי געבליבן שטיין פאַרלאָרן
און אויסגעמעקעט: — וויי, אַ קלאָג!
מיין בעקעלע, פון דיר איז בלויז געוואָרן
אַ גרויסער באָק!

# דער געלערנטער אייזל

אזוי ווי ס'איז צו ענדיקן אַ הויכע שול
און קריגן אַ טיטול
מער נויטיקער עקשנות, ווי אַ שאַרפער מח,
איז פאַר'ן אייזל ניט געווען גאָר איבער'ן כח
צו ווערן אַ פּראָפעסאָר.
האָט איינמאָל דאָקטאָר פוקס,
אַ קלייניקער אין וואוקס,
נאָר מיט אַ צונג אַ שאַרפער, ווי אַ מעסער,
מיט אייזלקאָפּ'ן אַ דיספּוט פאַרפירט.
כל זמן מען האָט באַרירט
פאָרמולעס און טערמינען,
וואָס מ'קען זיי אין די טעקסט־ביכער געפינען,
איז ביים פּראָפעסאָר אַלץ געגאַנגען, ווי געשמירט.
נאָר אַז אַ פראַגע האָט געשטעלט זיין דעבאַטאַנט,
וואָס ענטפערן אויף איר באַדאַרף מען שוין פאַרשטאַנד,
האָט, נעבאַך, אונזער אייזלקאָפּ
געוויגט די לאַנגע אויערן אַרויף, אַראָפּ,
אַז ס'איז געווען צום לאַכן.
צום סוף, ניט ביכולת מיט'ן שכל עפּעס מאַכן,
האָט ער אין זיין פּראָפעסאָר־היטל און אין פראַק,
אין ברילן, הענטשקעס, אין זיין גאַנצן קנאַק,
געשטעלט זיך אויף די פאָדערשטע פאַר פיס קאַפּויר,
צום קעגנער מיט'ן הינטערטייל און וויידל
און מיט די אַנדערע פאַר פיס ניט איידל,
ווי גאָר אַ פּשוט'ער חמור,
געטון אַ בריק.
אַ גליק,
וואָס יענער האָט אין צייט זיך אָפּגעטראָגן,
אַניט וואָלט ער געהאַט צו זינגען און צו זאָגן.
— וואָס קען מען דען דערוואַרטן בעסער ? —
האָט פוקס אויף דעם געזאָגט אַ מאמר :
עס מעג אַן אייזל זיין אַפילו אַ פּראָפעסאָר,
דאָך בלייבט ער אַלץ דער זעלבער חמור. —

## דער באָק און דער הונט

דער באָק, דער זיגער פון פיל קריגן,
דער שרעק
פון אַלע בעק,
דער העלד פון אַלע ציגן,
וואָס האָט די גרענדע אין דער טשערעדע געפירט,
איז פון'ם הונט געווען אַנומלט אַטאַקירט.
האָט ער די הערנער אָנגעשטעלט צום שטויס,
די באָרד געטרייסלט שטאָלץ און גרויס
און אויסגעמעקעט מיט בראַוואַדאָ:
— פאַרמאַך דיין מויל און לאָז קיין פּיפּס אַרויס,
דו כלב איינער!
צי ווייסטו קעגן וועמען שטשירעסטו די ציינער?
איך בין דער קעניג פון מיין סטאַדע! —
אויפסניי זיך נעמענדיק צו דער אַטאַקע,
האָט אים דער הונט געטון אַ זאָג:
— דו מעגסט באַ דיינע ציגן זיין אַ קעניג טאַקע,
באַ מיר ביזטו ניט מערער, ווי אַ באָק! —

## דאָס וואַסער און דער טאָפּ

אַ טאָפּ פון ליים, פאַרשוואַרצט פון פעטס און רויך,
געשטאַנען איז אין הייסע קוילן ביז׳ן בויך.
דאָס וואַסער, וועלכע האָט געזאָדן,
געשפּריצט, געפּלייצט איבער די ברעגן,
האָט, מורמלענדיק, זיך מיט׳ן טאָפּ געלאָדן:
— דו זאָג מיר נאָר, איך וועל דיך פרעגן,
ווי שטייט מען מיט אַ קאַלט געמיט,
ווען ס׳ברענט און בריט?
אפילו שטאָל ווערט אויך פון פייער רויט.
ניין, טאָפּ, דו ביזט פאַרברענט, און טויט,
און פונ׳ם מאַרק אַראָפּ. —
און אָפּגעענטפערט האָט דער טאָפּ:
— דער פאַקט, וואָס כ׳טויג צום קאָכן,
באַווייזט, אַז איך בין ניט צעבראָכן.
פאַרקערט —
כ׳בין פון אַ ווייכן און אַ שלאַפן,
ווי ס׳האָט דער טעפּער מיך פון ערד
באַשאַפן,
געוואָרן גאָר אַ שטאַרקער, ווי אַ שטיין.
ווען אָבער דיר זאָל זיין באַשערט,
ווי מיר, אַזוי פיל פלאַם און פייער אויסצושטיין,
וואָלסטו שוין לאַנג אויף דאַמף צעגיין. —

---

אין ליידן-בראַנד
ווערט איינער אויסגעדעמפּט, ווי וואַסער;
אַ צווייטער, ווי אין פלאַם אַ טאָפּ פון ליים אַ נאַסער,
ווערט שטאַרקער נאָכאַנאַנד.

# די באַלעבאָסטע און די הינער

א יונגע הינדל האָט געלייגט דאָס ערשטע איי.
כ׳אָטש ס׳איז געווען אַ קליינס, ווי פֿון אַ טייבל,
אַ קויטיקס און מיט בלוט באַמאָלן
(עס איז דער הינדל אָנגעקומען מיט פיל וויי),
דאָך האָט פון דעם די באַלעבאָסטע אָנגעקוואָלן
און צו אַ צווייטער ווייבל
באַוויזן דאָס אפילו,
פון פרייד פאַרגעסן,
אַז מ׳קען נאָך געבן אַ בייז אויג, חלילה.
און, ווען זי האָט געגעבן עסן
די עופות אַלעמען צוזאַמען,
האָט זי דער יונגער מאַמען
באַזונדער צוגעשאָטן נאָך אַ ביסל פראָסע.
אַן אַלטע הון
האָט, קוקנדיק אויף דעם באַליידיקט, קאָסע,
צו אירע חבר׳טעס אַ קוואָק געטון:
— אָט האָסטו
גערעכטיקייט פון אונזער באַלעבאָסטע!
נו, וועמען קומט מער דאַנק אַ שטייגער:
צי אונז, די אַלטע אייער-לייגער,
צי איר, וואָס האָט געלייגט דאָס איינציג ברעקל איי?—
האָט איר געזאָגט די פרוי: — פאַרשטייי,
אויב איר זייט לייגעדיק, זייט איר דאָך רייף דערפאַר,
זי אָבער איז נאָך יונג און ס׳קומט איר אָן מיט צער,
דעריבער איז נים מער, ווי רעכט און גוט,
אַז מ׳זאָל איר געבן מוט. —

## די קוקו

די קוקו האָט מען פאַר'ן אָדלער אָנגעקלאָגט
און מיט אַ גלאַטער צונג
האָט זי גערעדט צו אים אין איר פאַרטיידיקונג:
— דיין מאַיעסטעט! מען זאָגט,
אַז כ'האָב אַלס קינד אַרויסגעריסן
באַ מיינע שטיפברידער פון מויל דעם ביסן
און זיי אַליין פון נעסט אַרויסגעשטויסן.
ס'איז אמת אַלץ, נאָר זאָל דיך ניט פאַרדריסן,
איך זע ניט איין מיין חטא דעם גרויסן.
פאַרקערט — די זעלבע קינדהייט-שטות
איז גאָר אויף מיר מלמד זכות,
ווייל ס'ציייגט, אַז כ'בין געבאָרן אַ געוואַגטע
מיט ווילן און כאַראַקטער.
אויף דאָס, וואָס איך וואַרף אונטער מיינע קינדער
אין פרעמדע נעסט-געזינדער,
אַז ס'זאָלן אַנדערע מיט זיי זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט,
זאָגט גאָר ניט אין מיין שאַנד.
ווייל ס'איז אַ כלל, אַז ס'טראָגט די פליכטן-שקלאַפעריי
דער שקלאַף בלויז אונטערטעניק,
און איך, דיין מאַיעסטעט, בין פריי! —
— מען קען ניט זאָגן — גאָר אַ פיינע דרשה, —
האָט איר אויף דעם באַמערקט דער פייגל-קעניג:
נאָר העלפן וועט דיר ניט.
מען זעט, ניש'קשה,
אַז ביזט אַ פּאַראַזיט! —

## די בלום און דער פרוכט-בוים

אין מאַי
האָט, גדלות'דיק, אַ פאַרבנרייכע בלום
געזאָגט צום פרוכט-בוים, וועלכער האָט באַשיידן, פרום
געבליט דערביי:
— קוק אָן נאָר דעם פאַרשוין
אין בליאונג'ס קרוין!
צי ווילסטו, בוים, ניט אפשר קאָנקורירן
מיט מיינע בלענדענדע קאָלירן? —
— אַז ביזט א צאַצקע, אַן אַנטיק, —
געענטפערט האָט דער בוים צוריק:
איז דאָך ניט שייך גאָר.
דאָך פאַל איך ניט באַ זיך אַרונטער אויף אַ האָר,
ווייל ניט די שיינקייט איז דער גאַנצער עיקר.
די בליאונג-צייט וועט אָט-אָט-אָ פאַרבייגיין
און, אַז פון דיר וועט גאָרניט בלייבן ניכר,
ווער וועט דיין וועלק פון פוסטן צווייט דען בענטשן?
איך אָבער וועל אויף מיינע פולע צווייגן
נאָך טראָגן פרוכט פאַר הונגעריקע מענטשן. —

## דער דאָרן

אַ גערטנער האָט אַ רויז באַשפּריצט.
איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס האָט געטראָפן,
צי איז געווען דער גערטנער גראָד פאַרשלאָפן,
צי ווייל די רויזן־דערנער זיינען שאַרף פאַרשפּיצט,
נאָר ס'האָט דער גערטנער זיך אַ שטאָך געטון.
האָט ער קיין וועזן ניט געמאַכט דערפון
און ווייטער אויך באַדינט די שטעכעדיקע רויז,
נאָר מיט מער פאָרזיכט בלויז.
דאָס האָט געזען אַ פּראָסטער דאָרן און געטראַכט,
אַז אונזער גערטנער אַכט
די בלום אוים מורא בלויז פאַר אירע שטעכער,
און ברענענדיק מיט קנאה אויף איר מאַכט,
און זייענדיק אַ פרעכער,
האָט ער דעם גערטנער, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען,
מיט זיינע נאָדלען־נעגל פאַר'ן פוס געפאַנגען
און שטאַרק ביז בלוט צעקרעלט.
דער גערטנער האָט פאַרוואונדערט און מיט צאָרן
אויף אים די אויגן אָנגעשטעלט:
— אויך דו, פאַרפלוכטער דאָרן ? !
פאַר וועלכער מעלה קומט פאַרגעבן דיין חסרון ?
דו בזט דאָך ניט קיין רויז,
וואָס קויפט די שטעכער אוים
מיט איר פאַרפיום און בלענד ! —
און, מיט דער שער דעם דאָרן
פון וואָרצל אָפּגעשאָרן,
האָט אים דער גערטנער באַלד פאַרברענט.

## פרילינג און דער ווינט

(געווידמעט נייעם רוסלאַנד)

דער פראָסט
האָט לאַנג שוין אָפּגעלאָזט,
דער שניי און אייז געווען פאַרביי
און מיט אַ פאַרע אָפּגעאָטעמט פריי
פון ווינטער האָבן בוים און באָדן.
און באַלד פון ווינטער'ס שאָדן
האָט אַלץ אַ נעם געטון זיך אויפריכטן אויפסנייי
מיט גראָז, און בלאַט, און בלום.
האָט זיך דעם ווינטער'ס ווינט מיט ווילדן ברום
צעווייעט און צעבלאָזן —
ער וועט דעם פרילינג ניט דערלאָזן.
— ניט מאַך זיך נאַריש, ווינט דו קאַלטער! —
האָט אים באַמערקט אַ בוים אַן אַלטער:
הער אויף די ווילדע שטיק!
דער ווינטער קומט שוין ניט צוריק.
און אַז דער פרילינג איז געקומען,
איז דאָך אומזיסט דיין בלאָזן און דיין ברומען —
דער מאַי
וועט בליען סיי ווי סיי! —

## דער וויכער

ס'איז מיט אַמאָל
אין גאַס אַ וויכער אַנגעקומען
און ברומען
גענומען
הויך אויפ'ן קול:
— צו מיר! נאָך מיר!
איך בין אַ פירער און איך פיר.
איך באַפריי דאָס פאָלק
פון שכל, טאָלק,
פון פליכט און נדר.
איך פיר אָן סדר. —
ווער ס'איז מאָסיוו און זיכער
איז ניט געקומען צו דעם וויכער.
נאָר וואו אַ שטויבעלע, אַ פוך,
אַ פעדער,
אַ בלאַט פון בוים, אַ בלאַט פון בוך —
נו, מיט איין וואָרט, אַ יעדער,
וואָס האָט ניט קיין געוויכט און וואָג,
האָט אויפ'ן רוף געגעבן זיך אַ יאָג.
מען האָט געשאַלט,
געמאַכט אַ גוואַלד,
געטאַנצט אַ טאַנץ אַ ווילסטן
און אויסגעמאַטערט פונ'ם אימפעט דעם אומזיסטן
איז מען צוריק צעפאַלן אויף די מיסטן.

## דער נאַכטיגאַל און די צוויי שפּערלינגס

ס׳האָט איינמאָל אין אַ פרילינג-נאַכט
אין גרינס פון צווייגן איינגעהילט
דער נאַכטיגאַל געשפּילט.
אים הערנדיק, האָט זיך דער סאָד פאַרטראַכט
און ס׳האָט דאָס ווינטעל אָפּגעשטעלט זיין גאַנג.
— ווי זיס! — געריררט פון נאַכטיגאַל׳ס געזאַנג,
האָט אויסגעזיפצט איין שפּערלינג צו זיין פריינט.
— עס הויבט זיך גאָרניט אָן, —
האָט אים מיט ביטול פון אַ קענער,
הגם ער האָט אַליין פאַר פרייד געשיינט,
געענטפערט יענער:
ניט אויסגעהאַלטן איז דער טאָן
און דאָ און דאָרט געכאַפּט אויף זעכצנטלאַך און
אַכטלאַך. —
— דו רעדסט אַזוי פאַראַכטלאַך, —
האָט אים באַמערקט דער ערשטער מיט אַ שמייכל:
נאָר מאָדנע, מבין איינער, זיי מיר מוחל,
אין קעגנזאַץ צו דיינע רייד
אין דיינע אויגן פינקלט גאָר אַ פרייד. —

---

ס׳דערגייט אַמאָל דער „מבין״ מיט זיין מיינונג
צו זעלבסט-פאַרניינונג.

## דער זומפּ און דאָס פעלד

דער זומפּ האָט, זעענדיק ווי ס'ווערט דאָס פעלד, זיין שכן,
געאַקערט און געבראָכן,
געזאָגט צו אים מיט עזות און נצחון:
— פאַרגעסן האָט דיך גאָט, מיין קרוב!
דער אַקער מאַכט דיך חרוב,
די זריעה זויגט דיין זאַפט ארוים
און, וואָס ס'וואַקסט אוים באַ דיר אין שוים,
האַקט אָפּ דער שאַרפער מעסער.
צו מיר איז גאָט אַוודאי בעסער. —
— די מעשה איז פאַרקערט, —
האָט אים דאָס פעלד דערקלערט:
גאָר דיך האָט גאָט פאַרגעסן און פאַרזען —
ער האָט אין דיר מיאש זיך געווען.
מישטיינס געזאָגט, וואָס קענסטו פּראָדוצירן
חוץ ווערים, זשאַבעס און געשטאַנקען!
איך אָבער, גאָט צו דאַנקען,
קען מיט מיין פרוכטבאַרקייט שטאָלצירן
און דער השגחה לוינט זיך מיך קולטיווירן.
ניין, שלאָף זיך דיר און דרימל
און ווער באַוואַקסן מיט אַ שימל,
נאָר מיר גיב בעסער מיינע ליידן —
איך בלי דורך זיי, ווי אַ גן־עדן. —